# אַת הַנֶּפֶשׁ
# וּרְפוּאַת הַגּוּף

## מאת הרמב"ם ז"ל

### אויף לשון קודש און אויף עברי טייטש.

---

דער רמב"ם ז"ל האט מחבר געווען דאס ספר אויף לשון קודש מיט'ן נאמען הלכות דעות, צו געבען אלע אידען. רפואת הנפש ורפואת הגוף, אידישקייט און כשרות.
און דורך השתדלות הרב הגאון המפורסם ר' יודל ראזענבערג שליט"א פון לאדז דער מחבר פון פיעל ספרים מפורסמים, איז דאס ספר איבערגעזעצט געווארען אויף עברי טייטש, כדי אלע קלאסען אידען זאל קאנען דורך דעם ספר בעקומען א געזונדען גוף מיט א לויטערע נשמה.

## דעם רמב"ם'ס צוואה

דא האט באשריבען די לעבענס-געשיכטע פון דעם גרויסען היילינגען מאן (מבחר החכמים אור ישראל) רבינו משה בן מיימון ז"ל (הרמב"ם) דיעזער שיינע אינטערעסאנטע ספורים (ערצייהלונגען).





כל הזכיות שמורות אצל שלמה מיזליש
נדפס
שלמה יוסף ב"ר משה מייזליש נ"י
מאסטראב-מאז
נדפס בברוקלין, נ. י.





# רפואת הנפש

# ורפואת הגוף

## מאת הרמב"ם ז"ל

### אויף לשון קודש און אויף עברי טייטש.

דער רמב"ם ז"ל האט מחבר געווען דאס ספר אויף לשון קודש מיט'ן נאמען הלכות דעות, צו געבען אלע אידען רפואת הנפש ורפואת הגוף, אידישקייט און מענשליכקייט. און דורך השתדלות הרב הגאון המפורסם ר' יודל ראזענבערג שליט"א פון לאדז דער מחבר פון פיעל ספרים מפורסמים, איז דאס ספר איבערגעזעצט געווארען אויף עברי טייטש, כדי אלע קלאסען אידען זאל קאנען דורך דעם ספר בעקומען א געזונדען גוף מיט א לויטערע נשמה.

## דעם רמב"ם'ס צוואה

דא ווערט באשריבען די לעבענס-געשיכטע פון דעם גרויסען הייליגען מאן (מבחר החכמים אור ישראל) רבינו משה בן מיימון ז"ל (הרמב"ם) זייער שיינע אינטערעסאנטע ספורים (ערציילונגען).

צו דעם רמב"ם
רפואת הגוף
וואס געפונען זיך
אין דעם ספר
איז נאך
צו גיגעבען
געווארען,
היגענא מיט
רפואות פון די
לעצטע צייטע
און דעם
צווייטער חלק
ווערט ערקלערט
דעם רמב"ם
בעשרייבונג







נדפס
שלמה יוסף ב"ר משה מייזליק נ"י
מאסטראב־מאז
הוצאת בברוקלין, נ. י.


ר׳ משה איסרלש
(רמ״א)


ר׳ משה ב״ר נחמן
(רמב״ן)


ר׳ עקיבא איגר


ר׳ יצחק אלפסי
(רי״ף)


ר׳ ישראל פרידמאן
(טשארטקאווער . רבי


ר׳ שבתי הכהן
(ש״ך)


ר׳ יעקב ב״ר אשר
(טור)


ר׳ יעקב ב״ר מאיר
(רבנו תם)


ר׳ משה הסופר


ר׳ אשר ב״ר יחיאל
(רא״ש)




(רבי מאיר יחיאל
הלוי מאוסטרובצה זצ״ל)



ר' חיים עוזר גראדזי'נס



ר' אברהם מרדכי אלתר
(גערער רבי)



ר' מאיר שפירא



ר' יו"ט ליפמאן העלער
(תוספות יו"ט)



ר' ישראל ב"ר אליעזר
(בעש"ט)



ר' יצחק אבוהב
(מנורת המאור)



ר' מאיר מלובלין
(מהר"ם)



ר' שלמה לוריא
(מהרש"ל)



ר' יהונתן אייבשיץ



ר' יחזקאל לאנדא
(נודע ביהודה)



ר' אלחנן וואסערמאן







רבי שלמה גאנצפריד זצ"ל)







הרב ר' שמואל מאהליווער



(רבי מנחם זמבה זצ"ל)



הרב ר' צדוק הכהן



(רבי מאיר דן פלוצקי זצ"ל)



ר' ישראל ממאָרדזיץ זצ"ל





הרב ר' יצחק בערנייס

ר' מאָטעלע מקאזמיר. זצ"ל



הרב ר' יעקב עטלינגער

צװיין בּאַלד אַכטהונדערט יאָהר זענען אַריבּער, צײַט דער גרויסער ליכטיגער מאָרגען־שטערן האָט געשײַנט אויף דעם אידישען הימעל, װעלכער האָט פֿערױאָגט דאָס פינצטערניש פון אידישען שטאַנד.

דאָס איז דער גרויסער „אָדלער" װאָס האָט מיט זײַנע שטאַרקע פליגעל אַדורך געשניטען דעם גאַנצען הימעל־האָריזאָנט. איבערצוקוקען און גוט צו בּעטראַכטען דעם שמים וארץ.

דאָס איז דער גרויסער „לויתן" װאָס האָט מיט זײַנע גרויסע און מעכטיגע פליספעדערען אַדורך געשניטען דעם אוקינוס, װאָס רינגעלט אַרום דעם גאַנצען ערד־קיגעל, צו בּעטראַכטען אַלץ װאָס געפינט זיך אין טיפעניש פון ים התלמוד, מיט זײַנע פײַערדיגע אויגען, װאָס שײַנען אין ים התלמוד, אַזוי װי די לויטערע לבנה שײַנט אויפ'ן העלען בּלאָהן הימעל און אַרוהיגע נאַכט, װען קיין װאָלקענעס זענען נישט דאָ.

דאָס איז דער גרויסער פײַערדיגער מלאך, װאָס שװעבּט אַרום און אַרום אויף יענער זײַט הימלען, צו בּעטראַכטען אַלץ װאָס דאָרט געפינט זיך, מלאכים, שרפים, אופנים, חיות הקודש, כסא הכבוד, און נאָך דעם אַלעם זאָגט ער גאָר אַ טיעף מיינונג איבּער דעם אַלמעכטיגען בּאַשעפער די פײַערדיגע װערטער „תכלית הידיעה אשר לא נדע". דער תכלית פון װיסענשאַפט אין געטליכקייט איז, אַז מען זאָל פערשטעהן, אַז דאָס קאָן קיין בּשר ודם נישט בּעגריפען מיט זײַן פערשטאַנד.

װער איז דאָס דער העלד װאָס האָט זיך גיקענט אַזוי אַרויס רײַסען? אָט דאָס איז דער בּעריהמטער װעלטס־גאון מיט'ן נאָמען רמב״ם, װאָס זײַן הייליגער גייסט מיט זײַנע גרויסע װירקונג אין יודענטהום לעבּט נאָך בּיז היינט, און עס װעלען אַריבּער נאָך טויזענדער יאָהרען און ער װעט אַלץ לעבּען בּײַ אונז.

כּמעט בּײַ אַלע קלאַסען אידען איז בּעקאַנט דער נאָמען רמב״ם. אַז די פיער אותיות פון דעם נאָמען בּעצייכענען די פיער פאָלגענדע װערטער רבּנו משה בּן מיימון.

אמת אַז די ליטעראַטור איז גאַנץ רײַך מיט פיעל בּעשרײַבּונגען װעגען דעם גרויסקייט פון רמב״ם. פיעל בּיכער זענען געשריבּען געװאָרען אויף פערשידענע שפראַכען װעגען דעם װאונדערליבּען װעלטס גאון, װעלכער האָט פערשײַנט די װעלט מיט זײַנע ספרים. טייל בּעשרײַבּען

זיין לעבענס ביאגראפיא, טייל בעשרייבען זיינע פילאזאפישע אידעען, זיין גאונישקייט, זיין גרויסע ידיעה אין אלע שבע חכמות. אבער אין זשארגאנישען ליטעראטור, וואס איז די מוטער־שפראך פון די גרעסטער טייל אידען, איז פון רמבמ׳ס גרויסקייט גאר נישט בעשריבען געווארען, איבער וואס ביים המון איז דעם רמבמ׳ס ווירקונג אין יודענטהום גאר אזוי ווי פרעמד.

דארום האבען מיר גענומען די מיה מעתיק צו זיין אויף זשארגאן ערשטענס, דאס וואס דער רמב״ם האט אנגעשריבען אין הלכות דעות, ווי אזוי דער מענש זאל זיך פיהרען כל ימי חייו, מיט וועלכע דעות מען דארף זיך בעקאנען, מיט וועלכע מדות זאל מען זיך פיהרען, סיי גייסטיג און סיי פיזיש. אויך וועלכען דער רמב״ם האט אויספיהרליך זיך ארויסגערופען, אז ער איז ערוב אין דער זאך, אז אויב דער מענש וועט זיך אזוי פיהרען ווי דא בעשריבען איז, וועט ער קיינמאל נישט דארפען אנקומען צו דער הילף פון א דאקטאר, ווארען ער וועט קיינמאל נישט קראנק ווערען. צודעם צו האבען מיר נאך מוסיף געווען פיעל היגענא מיט וויכטיגע נויטיגע הויזליכע רפואות פון די לעצטע צייטען. און דערום האבען מיר דעם ספר אנגערופען רפואת הנפש ורפואת הגוף. ווארען כשמו כן הוא, דער איד וואס וועט לערנען אין דעם ספר און וועט זיך ווירקליך אזוי פיהרען, וועט ער האבען א לויטערע נשמה און א געזונדען גוף.

צום סוף ספר האבען מיר צו גיגעבען א בעזונדער חלק פון דעם רמבמ׳ס לעבענס־בעשרייבונג, זיין ביאגראפיא, פון וועלכען די לעזער וועלען געווים גרויס פערגעניגען צונעמען.

**דברי הרב המוציא לאור. יודל ראזענבערג.**



# פרק ראשון

## פרק ראשון ופרק שני ילמדו לאדם דעת בעניני הדעות והמדות שצריך להתנהג בדרך הישרה שהיא מדה בינונית שבכל דעה ודעה:

(א) דעות הרבה יש לכל אחד ואחד מבני אדם. וזו משונה מזו ורחוקה ממנו ביותר. יש אדם שהוא בעל חמה כועס תמיד. ויש אדם שדעתו מיושבת עליו ואינו כועס כלל. ואם יכעס. יכעס כעס מעט בכמה שנים. ויש אדם שהוא גבה לב ביותר. ויש שהוא שפל רוח ביותר. ויש שהוא בעל תאוה. לא תשבע נפשו מהלוך בתאוה. ויש שהוא בעל לב טהור מאד ולא יתאוה אפילו לדברים מעטים שהגוף צריך להם. ויש בעל נפש רחבה שלא תשבע נפשו מכל ממון העולם. כענין שנאמר אוהב כסף לא ישבע כסף. ויש מקצר נפשו שדי לו אפילו דבר מעט שלא יספיק לו. ולא ירדוף להשיג כל צרכו. ויש שהוא מסגף עצמו ברעב וקובץ על ידו ואינו אוכל פרוטה משלו אלא בצער גדול. ויש שהוא

---

# פרק ראשון

## דער ערשטער און צווייטער פרק לערנט אז דער מענש דארף זיך פיהרען מיט זיינע דעות און מיט זיינע מדות אין אמיטעלמעסיגען דרך.

(א) **דעות הרבה.** פערשידענע מיינונגען געפינען זיך ביי מענשען, און די מיינונגען זענען גאנץ ווייט איינס פון אנדערען. עס גיבט א מענש וואס איז א בייזער און גייט אימער ארום מיט כעס. דאגעגען געפינט זיך א מענש מיט א רוהיגען פערשטאנד, ער קאן זיך גאר נישט בייזערען. און אייב ער בייזערט זיך אמאל, איז דער כעס גאנץ וועניג. עס גיבט א מענש א גרויסער בעל-גאוה וואס שטאלצירט שטענדיג. דאגעגען געפינט זיך א מענש וואס איז גאר שפל און זעהר נידריג ביי זיך. עס גיבט א מענש וואס איז א גרויסער בעל-תאוה און ווערט קיינמאל נישט זאט פון התאוות, דאגעגען געפונט זיך א מענש מיט א ריין הארץ וואס איז גאנץ ווייט פון אלע תאוות הגוף. עס גיבט א מענש וואס יאגט זיך שטענדיג נאר געלד צו זאמלען, און ער קאן נישט זאט ווערען, אפילו ער זאל בעקומען דאס גאנצע געלד וואס געפונט זיך אויף די וועלט. דאגעגען געפונט זיך א מענש וואס יאגט זיך נישט אפילו צו בעקומען עטוואס געלד אויף זיין נויטיג געברויכעניש. עס גיבט א מענש וואס וויל בעסער פאסטען איידער

ער

שהוא מאבד כל ממונו בידו לדעתו. ועל דרכים אלו שאר כל הדעות. כגון מהולל ואונן. כולי ושוע. אכזרי ורחמן. רך לבב ואמיץ לב וכיוצא בהן:

(ב) ויש בין כל דעה ודעה הרחוקה ממנה בקצה האחר דעות בינונית זו רחוקה מזו. וכל הדעות יש מהן דעות שהן לאדם מתחלת ברייתו לפי טבע גופו. ויש מהן דעות שטבעו של אדם זה מכוון ועתיד לקבל אותם במהרה יותר משאר הדעות. ויש מהן שאינן לאדם מתחלת ברייתו אלא למד אותם מאחרים או שנפנה להן מעצמו לפי מחשבה שעלתה בלבו או ששמע שזו הדעה טובה לו ובה ראוי לילך והנהיג עצמו בה עד שנקבעה בלבו:

(ג) שתי קצוות הרחוקות זו מזו שבכל דעה ודעה אינן דרך טובה ואין ראוי

---

ער זאל אויסגעבען פון זיין געלד א פרוטה אויף עסען. דאנגענען געפונט זיך א מענש וואס מאכט קאליע גאנץ גרינג זעהר פיל געלד פאר זיין געברויכע׳יש. אט דאס הייסט אז די צווייערליי מענשען מיט זייערע מיינונגען אדער דעות, זענען זעהר ווייט איינער פון אנדערען, וואס נאר מעגליך איז. און דעסטגלייכען גיבט מענשען וואס זענען אזוי גאנץ ווייט איי-נער פון אנדערען אין אנדערע דעות, דהיינו פריילוך אדער טרויריג. קארג אדער מילד. אונערבארמדיג אדער רחמנותדיג. וויך-הארציג, שטארק-הארציג, און אזוי ווייטער:

(ב) צווישען די פערשידענע דעות וואס זענען אזוי זעה״ר ווייט איינס פון אנדערען געפונען זיך נאך פיל פערשידענע מיטעלע דעות, וואס זענען אויך ווייט איינס פון אנדערען, נאר זיי זענען נישט אזוי שטארק דערווייטערט איינס פון אנדערען ווי די צווייערליי עקסטינגע דעות. און די אלע פערשידענע דעות איז פאראן מענשען וואס זייערע דעות האבען זיי בעקומען באלד פון געבור-טהייט, לויט די טבע פון זיין גוף, אדער זיי בעקומען די דעות פון זיך זעלבסט שפעטער, בעוויל די טבע פון דעם גוף איז גיכער צוגעפאסט צו די דעה, ווי צו אנדערע דעות. עס איז אבער פאראן אזעלכע דעות וואס דער מענש בעקומט זיי נישט פון זיך זעלבסט דורך די טבע פון זיין גוף, נאר ער לערענט זיך אב די דעות פון אנדערע, אדער ער אליין דער-גייט מיט זיין געדאנק, אז ער דארף זיך אזוי פיהרען לויט די דעה. אדער ער האט בקבלה וואס ער האט געהערט פון אנדערע, אז די דעה איז גוט און אזוי דארף מען זיך פיהרען. דורך דעם האט ער זיך אנגעהויבען אזוי צו פיהרען, ביז די דעה איז גיט פערשטארקט געוואו-רען אין זיין הארץ:

(ג) אלע צווייערליי פערשידענע דעות וואס זענען זעהר שטארק דער-ווייטערט איינס פון דער אנדערער און דעם העכסטען פונקט, אזוי אז מען קאן זיי אנרופען עקסטינגע, זיי פיהרען נישט דעם

ראוי לו לאדם ללכת בהן ולא ללמדן לעצמו. ואם מצא טבעו נוטה לאחת מהן. או מוכן לאחת מהן. או שכבר למד אחת מהן ונהג בה. יחזור עצמו למוטב וילך בדרך הטובים. והיא הדרך הישרה:

(ד) הדרך הישרה היא מדה בינונית שבכל דעה ודעה מכל הדעות שיש לו לאדם. והיא הדעה שהיא רחוקה משתי הקצוות ריחוק שוה. ואינה קרובה לא לזו ולא לזו. לפיכך צוו חכמים הראשונים שיהא אדם שם דעותיו תמיד. ומשער אותם ומכוין אותם בדרך האמצעית. כדי שיהא שלם בגופו. כיצד, לא יהא בעל חימה נוח לכעוס. ולא כמת שאינו מרגיש אלא בינוני. לא יכעוס אלא על דבר גדול שראוי לכעוס עליו; כדי שלא יעשה כיוצא בו פעם אחרת. וכן לא יתאוה אלא לדברים שהגוף צריך להן ואי אפשר להיות בזולתן. כענין שנאמר צדיק אוכל לשובע נפשו. וכן לא יהיה עמל בעסקו אלא להשיג דבר שצריך לו לחיי

---

דעם מענש אין קיין גוטען וועג. אלזא דארף דער מענש זיך ניט פיהרען לויט דעם וועג און דארף זיך נישט לערנען אזעלכע דעות. אויב דער מענש געפונט אז דורך די טבע פון זיין גוף איז ער צוגעבויגען צו אנ'עקסטינגע דעה, אדער אויב ער ה[illegible] זיך פון וועטען אבגעלער־נט צו פיהרען זיך לויט אנ'עקסטינגע דעה, דאן דארף דער מענש זיך איבער צו ארבייטען צו דערוויי־טערען זיך פון די עקסטינגע דעה, און ער זאל געהן בעסער אין א גוטען וועג, וועלכען מען קאן אנ־רופען אז דאס איז דער גלייכער וועג:

(ד) דער גלייכער וועג הייסט די מדה וואס איז א מיטעל־פונקט צווישען די ביידערליי עקסטינגע דעות פון אלע פער־שידענע דעות וואס געפונען זיך ביי [illegible]ענ־שען. דאס איז די דעה וועלכע איז פונקט גלייך דערווייטערט פון ביידערליי עקסטינגע דעות, און זי שטעהט פונקט אין דערמיט, ניט מעהר נעהנטער צו איין עק ווי צום אנדערען עק. אלזא האבען אונזערע ער־שטע חכמים געווארענט, אז יעדער מענש זאל שטענדיג אבשאצען און איבערוועגען זיינע דעות, און זאל זיי אויסגלייכען לויט דעם מיטעל־פונקט, כדי ער זאל זיין גאנץ מיט זיין גוף אהן א פעהלער. דהיינו ער זאל נישט זיין צופיל בייז, צו בייזע־רען זיך וועגען א קלייניגקייט. און אויך נישט צו זיין אזוי ווי א מת, וואס אהרט איהם נים קיין שום זאך, נאר מען דארף זיין מיטעלמעסיג. נישט צו בייזערען זיך נאר וועגען א גרויסע זאך, וואס איז יא גלייך צו בייזערען זיך, כדי יענער זאל זיך היטען דאס זעלבע נאך אמאל נישט צו טהון. דעסט גלייכען דארף דער מענש נישט צו גליסטען נאר צו אזעלכע זאכען וואס דער גוף מוז עס האבען, און ער קאן זיך אהן דעם נישט באגעהן, אזוי ווי עס שטעהט אין פסוק „צדיק אוכל לשובע נפשו". דער צדיק עסט נאר אז זיין נפש זאל זאט ווערען. דעסט גלייכען דארף דער מענש נישט זיין צופיל פערהארעוועט אין געשעפט. ער דארף נאר ארבייטען

צו

לחיי שעה. כענין שנאמר טוב מעט לצדיק. ולא יקפוץ ידו ביותר. ולא יפזר ממונו. אלא נותן צדקה כפי מסת ידו ומלוה כראוי למי שצריך. ולא יהי' מהולל ושוחק. ולא עצב ואונן. אלא שמח כל ימיו בנחת בסבר פנים יפות. וכן שאר דעותיו. ודרך זו היא דרך החכמים. כל אדם שדעותיו דעות בינוניות ממוצעות נקרא חכם:

(ה) ומי שהוא מדקדק על עצמו ביותר ויתרחק מדעה בינונית מעט לצד זה או לצד זה. נקרא חסיד. כיצד. מי שיתרחק מגובה הלב עד הקצה האחרון ויהיה שפל רוח ביותר. נקרא חסיד. וזו היא מדת החסידות ·
ואם

---

צו בעקומען זיין נעבראיך אויף חיי שעה, אזוי ווי עס שטעהט אין פסוק „טוב מעט לצדיק". דער צדיק לאזט זיך בענוגען מיט וועניגעס. אויך דארף דער מענש נישט זיין צו קארג צו פערמאכען די האנד און נישט צו וועלען געבען צדקה. דעסט גלייכען פארקעהרט צוּפיל צדקה צו געבען נישט לויט זיין פארמעגען איז אויך נישט גוט, נאר מען דארף געבען צדקה לויט ווי מען איז אונשטאנד. דאס זעלבע איז ביי געלד אוועק בארגען, דארף מען אויך נישט בארגען נאר לויט ווי מען איז אונשטאנד, און אויך נאר צו אזא מענש וואס עס איז נויטיג איהם צו בארגען. אויך דארף דער מענש נישט זיין צופיל פרייליך און לוסטיג, און נישט צופיל אומעטיג און טרויריג, נאר מען דארף זיין שטענדיג צופרידען און ארוים צו ווייזען אויפ'ן פנים א בערוהיגטע שמחה. און אזוי דארף זיך דער מענש פיהרען מיט אלע זיינע דעות זיי זאלען זיין אלץ נאר מיטעלמעסיג. און דער מענש וואס פיהרט זיך אזוי און נעהמט שטענדיג מיט אלע זיינע דעות אין א מיטעלמעסיגען וועג, דער ווערט גערופען א חכם:

(ה) דער מענש וואס איז נאך מעהר מדקדק אויף זיך, און ער דערווייטערט זיך אביסעל פון דער מיטעלע דעה, און דערנעהנטערט זיך אביסעל צו אנעקסטינגע דעה, אמאל צו דער זייט פון העכסטען פונקט, און אמאל צו דער זייט פון נידעריגסטען פונקט, אבער אלץ צום גוטען. דהיינו אז דער מענש דערווייטערט זיך פון העכסטען פונקט פון גאוות, און שטעלט זיך אויף דעם מיטעל-פונקט, נישט צו שטאלצירען נאר צו זיין א עניו מיטעלמעסיג, איז דורך דעם דער מענש ראוי מען זאל איהם רופען חכם. אבער ווען דער מענש דערווייטערט זיך נאך מעדר פון דעם מיטעל-פונקט און דערנעהנטערט זיך אביסעל מעהר צו די עקסטיגע דעה פון נידריגסטען פונקט, ער זאל זיין נאך מעהר נידריגער ביי זיך ווי מיטעלמעסיג. דער מענש הייסט שוין א חסיד, בעווייל ער טהוט לפנים משורת הדין, דאס הייסט נאך מעהר וויפיל ער דארף טוהן לויט דעם דין. דעסטגלייכען ביי דעם ענין פון צדקה געבען. דער מענש וואס דערווייטערט זיך פון נידריגסטען פונקט פון קארגשאפט און שטעלט זיך אויף דעם מיטעל-פונקט צו געבען צדקה לויט זיין יכולת ווי ער איז אונשטאנד, איז דורך דעם דער
מענש

ואם נתרחק עד האמצע בלבד ויהיה עניו. נקרא חכם. וזו היא מדת חכמה. ועל דרך זו שאר כל הדעות. וחסידים הראשונים היו מטין דעות שלהן מדרך האמצעית כנגד שתי הקצוות. יש שמטין אותה כנגד הקצה האחרון. ויש דעה שמטין אותה כנגד הקצה הראשון. וזהו לפנים משורת הדין. ומצווין אנו ללכת בדרכים האלו הבינונים. והם הדרכים הטובים והישרים. שנאמר והלכת בדרכיו:

(ו) כך למדו בפירוש מצוה זו. מה הוא נקרא חנון אף אתה היה חנון. מה הוא נקרא רחום אף אתה היה רחום. מה הוא נקרא קדוש אף אתה היה קדוש. ועל דרך זו קראו הנביאים לאל בכל אותן הכנויין. ארך אפים ורב חסד. צדיק וישר. תמים גבור וחזק וכיוצא בהן. להודיע שהן דרכים טובים וישרים. וחייב אדם להנהיג עצמו בהן ולהדמות אליו כפי כחו:

וכיצד

---

מענש ראוי מען זאל איהם רופען חכם. אבער ווען דער מענש דערווייטערט זיך נאך מעהר פון דעם מיטעל-פונקט, און דערנעהנטערט זיך אביסעל מעהר צו די עקסטינגע דעה פון העכסטען פונקט, צו פיהרען זיך אזוי ווי א נדבן און צו געבען צדקה נאך מעהר לויט ווי זיין יכולת איז, דער מענש איז א חסיד, ווייל ער טהוט נאך מעהר ווי דער דין איז. דאס זעלבע קאן זיין ביי אלע דעות, אז דער וואס וויל זיין א חסיד דער דערווייטערט זיך פון דעם מיטעל-פונקט און דערנעהנטערט זיך אביסעל צו איינע פון די עקסטינגע דעות, אמאל צו די עקסטינגע דעה פון העכסטען פונקט, און אמאל צו די עקסטינגע דעה פון נידריגסטען פונקט, ווי אזוי עס איז צום גוטען, און דאס איז די מדה פון חסידות, צו טהון נאך מעהר ווי לויט דעם דין. וואהרען על פי דין זענען מיר געבאטען געווארען צו געהן אין די מיטעל-מעסיגע וועגען, וועלכע זענען גוטע און גלייכע וועגען. אזוי ווי עס שטעהט אין פסוק „והלכת בדרכיו״. דו זאלסט געהן אין אויבערשטענס וועגען:

(ו) אונזערע חכמים האבען אזוי געזאגט פשט אויף דער מצוה פון „והלכת בדרכיו״, אזוי ווי דער אויבערשטער ווערט גערופען „חנון״ א לייטזעליגער, אזוי דארף דער מענש אויך זיין א לייטזעליגער. אזוי ווי דער אויבערשטער ווערט גערופען „רחום״ א ערבארמדיגער, אזוי דארף דער מענש אויך זיין א ערבארמדיגער. אזוי ווי דער אויבערשטער ווערט גערופען „קדוש״ א הייליגער, אזוי דארף דער מענש אויך זיין א הייליגער. און לויט דעם דרך קאן מען פערשטעהן צוליעב וואס די נביאים האבען אנגערופען דעם אויבערשטען מיט אזעלכע ביינעמען, והיינו „ארך אפים״ ער האלט איין לאנג דעם צארען. „רב חסד״ ער טהוט פיל חסד. צדיק וישר. תמים. גבור וחזק. און נאך דערגלייכען. דאס איז אלץ כדי מודיע צו זיין דעם מענש אז דאס איז די גוטע און גלייכע וועגען, וואס דער מענש איז מחויב צופיהרען זיך

לויט

(ז) וכיצד ירגיל אדם עצמו בדעות אלו עד שיקבעו בו. יעשה וישנה וישלש במעשים שעושה על פי הדעות האמצעיות ויחזור בהם תמיד. עד שיהיו מעשיהם קלים עליו ולא יהיה בהם טורח עליו. ויקבעו הדעות בנפשו. ולפי שהשמות האלו נקרא בהם היוצר. והם הדרך הבינונית שאנו חייבין ללכת בה. נקראת דרך זו דרך ה׳. והוא שלמד אברהם אבינו לבניו. שנאמר כי ידעתיו למען אשר יצוה וגו׳. וההולך בדרך זו מביא טובה וברכה לעצמו. שנאמר למען הביא ה׳ על אברהם את אשר דבר עליו:

# פרק שני

(א) **חולי הגוף** טועמים המר מתוק ומתוק מר. ויש מן החולים מי שמתאוה ותאב למאכלות שאינן ראויין לאכילה. כגון העפר והפחם

---

לויט די וועגען, און צו גלייכען זיך צום אויבערשטענס פיהרונג לויט זיין כח:

(ז) ווי אזוי זאל זיך דער מענש צוגעוועהנען צו די גוטע דעות ביז זיי וועלען ווערען אין איהם גוט אנגעקניפט? ער דארף טוהן די מעשים וואס ער טהוט לויט די מיטעלע דעות פיל מאל, ביז די מעשים וועלען שוין ביי איהם זיין גרינג צו טוהן, און זיי וועלען שוין ניט הייסען ביי איהם קיין שום בעשווערינגקייט, אזוי נאך וועלען די דעות ווערען גוט אנגעקניפט אין זיין נפש. און בעוויילדער הייליגער באשעפער ווערט אנגערופען מיט די נעמען פון די מיטעלמעסיגע דעות, וואס מיר זענען מחויב צו געהן אין דעם וועג, ווערט איבער דעם דער וועג אנגערופען „גאטס וועג“, און דאס איז דער וועג וואס אברהם אבינו האט געלערנט זיינע קינדער, אזוי ווי עס שטעהט אין פסוק „כי ידעתיו למען אשר יצוה את בניו ואת ביתו אחריו ושמרו דרך ה׳ לעשות צדקה ומשפט“. דער אויבערשטער האט געזאגט, איך בין מיט אברהמ׳ן בעקאנט, בעוויילער וועט אנזאגען זיינע קינדער און קינדס קינדער זיי זאלען אבהיטען גאטס וועג צו טוהן צדקה און גערעכטיגקייט. און נאך איז פון דעם געדרינגען, אז דער וואס געהט אין דעם גוטען וועג, דער ברענגט אויף זיך גוטס מיט א ברכה. אזוי ווי עס שטעהט ווייטער אין דעם זעלבען פסוק „למען הביא ה׳ על אברהם את אשר דיבר עליו“. כדי דער אויבערשטער זאל ברענגען אויף אברהמ׳ן דאס גוטס וואס ער האט איהם צוגעזאגט:

## פרק שני

(א) **חולי הגוף**. די מענשען וואס זענען קראנק אויפ׳ן גוף שפירען דאס וואס איז ביטער אז ס׳איז זיס, און דאס וואס איז זיס אז ס׳איז ביטער

והפחם. ושונא המאכלות הטובים כגון הפת והבשר. הכל לפי רוב החולי. כך בני אדם שנפשותיהם חולות מתאוים ואוהבים הדעות הרעות. ושונאים הדרך הטובה ומתעצלים ללכת בה. והיא כבידה עליהם למאד לפי חליים. וכן ישעיהו אומר באנשים הללו. הוי האומרים לרע טוב ולטוב רע. שמים חושך לאור ואור לחושך שמים מר למתיק ומתוק למר. ועליהם נאמר העוזבים אורחות יושר ללכת בדרכי חושך. ומה היא תקנת חולי הנפשות. ילכו אצל החכמים שהן רופאי הנפשות וירפאו חליים בדעות שמלמדין אותם. עד שיחזירום לדרך הטובה. והמכירים בדעות הרעות שלהם ואינם הולכים אצל החכמים לרפא אותם. עליהם אמר שלמה. חכמה ומוסר אוילים בזו:

(ב) וכיצד היא רפואתם. מי שהוא בעל חמה אומרים לו להנהיג עצמו
שאם

---

ביטער, עס ניבט אויך אַ טייל קראַנקע וואָס גליסטען צו עסען אַזעלכעס וואָס איז גאָר נישט ראוי צום עסען, דהיינו ערד, קוילען, און די גוטע מאכלים, דהיינו, ברויט, פליישׁ, האָבען זיי פיינד. און דאָס ווענד זיך אַלץ לויט דעם בעשטאַנד פון זייער קראַנקהייט. דאָס זעלבע איז ביי די מענשען וואָס זענען קראַנק אויפ'ן נפש. זיי געפעלט און זיי האָבען ליב די שלעכטע דעות, אָבער דעם גוטען וועג האָבען זיי פיינד, און זיי זענען פויל צו געהן אין גוטען וועג, וועלכער זעהט ביי זיי אויס גאַנץ שווער. דאָס ווענד זיך אויך אַלץ לויט דעם בעשטאַנד פון זייער חולי הנפש. און אַזוי האָט ישעיהו הנביא געזאָגט אויף אַזעלכע מענשען „הוי האומרים לרע טוב ולטוב רע. שמים חושך לאור ואור לחשך. שמים מר למתוק ומתוק למר". ווערה איז צו די מענשען וואָס זאָגען אויף שלעכט גוט, און אויף גוט שלעכט. דאָס וואָס איז פינסטער איז ביי זיי ליכטיג, און דאָס וואָס איז ליכטיג איז ביי זיי פינסטער. דאָס וואָס איז ביטער איז ביי זיי זיס, און דאָס וואָס איז זיס איז ביי זיי ביטער. און נאָך זאָגט אויף זיי דער פסוק „העוזבים אורחות יושר ללכת בדרכי חשך". זיי פערלאָזען די גלייכע וועגען צו געהן אין די פינסטערע וועגען. און וואָס פאַר אַ תקנה איז דאָ צו די מענשען וואָס זענען קראַנק אויף חולי הנפש? זיי זאָלען געהן צו אַזעלכע חכמים וואָס קאָנען היילען נפשות, און די חכמים וועלען היילען זייער חולי הנפש מיט דעם וואָס זיי וועלען מיט זיי לערנען גוטע דעות, דורך וועלכען זיי וועלען ווע־רען צוגעצויגען צום גוטען וועג. די מענשען אָבער וואָס זענען מבינים אויף זייערע שלעכטע דעות, און זיי ווילען נישט געהן צו אַזעלכע חכמים מען זאָל זיי היילען, אויף זיי האָט שלמה המלך גע־זאָגט „חכמה ומוסר אוילים בזו" די נאַ־ראָנים זענען מבזה חכמה און מוסר:

(ב) ווי אַזוי דאַרפען די חכמים היילען צו די מענשען וואָס זענען קראַנק אויף חולי הנפש? דער מענש וואָס איז שטענדיג בייז און צאָרנדיג. דאַרף מען
איהם

שאם הוכה וקולל לא ירגיש כלל. וילך בדרך זו זמן מרובה עד שיתעקר החמה מלבו. ואם היה גבה לב. ינהיג עצמו בבזיון הרבה וישב למטה מן הכל. וילבש בלויי סחבות המבזות את לובשיהם וכיוצא בדברים אלו. עד שיעקור גובה הלב ממנו ויחזור לדרך האמצעית שהיא דרך הטובה. ולכשיחזור לדרך האמצעית ילך בה כל ימיו. ועל קו זה יעשה בשאר כל הדעות. אם הי׳ רחוק לקצה האחד ירחיק עצמו לקצה השני. וינהוג בו זמן רב עד שיחזיר בו לדרך הטובה. והיא מדה הבינונית שבכל דעה ודעה:

(ג) ויש דעות שאסור לו לאדם לנהוג בהן בבינוניות. אלא יתרחק מן הקצה האחד עד הקצה האחר. והוא גובה לב. שאין דרך הטובה שיהי׳ אדם עניו בלבד. אלא שיהי׳ שפל רוח ותהיה רוחו נמוכה למאד.

ולפיכך

---

איהם אנזאגען ער זאל זיך אזוי פיהרען, אז אפילו מען וועט איהם שלאגען אדער שעלטען זאל איהם גאר נישט אהרען. אין דעם וועג זאל ער געהן א לאנגע צייט. ביז דער כעס מיט דעם גרימצארען וועט ווערען אויסגעריסען פון זיין הארץ. דער מענש וואס איז א בעל גאוה און האט גאר ליב צו שמאלצירען מיט זיך, דארף מען איהם לערנען ער זאל זיך פיהרען גאר מיט בזיון. דהיינו צווישען א געזעצטשאפט זאל ער זיך זעצען אונטען, נידריגער פון אלע מענשען, און זאל געהן געקליידעט גאר אין געמיינע צוריסענע מלבושים, וועלכע זענען מבזה דעם מענש וואס געהט אין זיי געקליידעט. און נאך אזעלכע שטייגער בזיונות זאל ער זיך אנטהון, ביז דאס גאות וועט ווערען אויסגעריסען פון זיין הארץ, און ער וועט זיך קאנען אנהייבען פיהרען לויט דעם מיטעלמעסיגען וועג, וועלכער ווערט אנגערופען דער גוטער וועג. און נאך דעם וואס דער מענש האט זיך אראבגעלאזט אזוי נידריג ביז צו די עקסטינגע דעה, און ער האט זיך אזוי געפיהרט אלאנגע צייט, דאמאלס אז ער וועט זיך אבשטעלען אויפ׳ן מיטעלמעסיגען וועג, וועט ער שוין געהן אין דעם מיטעלמעסיגען וועג שטענדיג. און לויט ווי דא איז גערעד געווארען וועגען די קראנקהייט פון די צוויי דעות „כעס" און „גאות" דאס זעלבע דארף זיין אויך ביי די קראנקהייט פון אנדערע דעות. אז דער מענש וואס איז צוגעצויגען צו אנעקסטינגע דעה, איז מחויב זיך איבער צו ארבייטען ער זאל צו ערשט זיך צובייגען אינגאנצען ביז צו די אנדערע עקסטינגע דעה, וועלכע איז דער גרעסטער כנגד פון די ערשטע עקסטינגע דעה. און ער זאל זיך אזוי פיהרען א לאנגע צייט, כדי ער זאל קאנען דערנאך גרינג בלייבען שטעהן אויף דעם מיטעל־פונקט פון יעדער דעה:

(ג) ס׳איז פאראן דעות וועלכע זענען אסור צו אזעלכען מענש (וועלכער איז אין אזוי גרויסע מדרגה, אז מענשען קומען צו איהם נאך רפואת הנפש) זענען די דעות אין גאנצען אסור צו איהם, אז ער זאל זיך נישט פיהרען מיט זיי לויט זייער מיטעלמעסיגען פונקט, נאר ער דארף זיך צו דערווייטערען אינגאנצען פון

די

ולפיכך נאמר במשה רבינו ענו מאד. ולא נאמר ענו בלבד. ולפיכך צוו חכמים. מאד מאד הוי שפל רוח. ועוד אמרו שכל המגביה לבו כפר בעיקר. שנאמר ורם לבבך ושכחת את ה׳ אלהיך. ועוד אמרו בשמתא מאן דאית ביה גסות הרוח ואפילו מקצתה. וכן הכעס מדה רעה היא עד למאד. וראוי לאדם שיתרחק ממנה עד הקצה האחר. וילמד עצמו שלא יכעוס ואפילו על דבר שראוי לכעוס עליו. ואם רצה להטיל אימה על בניו ובני ביתו. או על הציבור אם היה פרנס. ורצה לכעוס עליהם כדי שיחזרו למוטב. יראה עצמו בפניהם שהוא כועס כדי לייסרם. ותהית דעתו מיושבת בינו לבין עצמו. כאדם שהוא מדמה לכועס בשעת כעסו. והוא אינו כועס. אמרו הכמים הראשונים. כל הכועס כאילו עובד עבודה

זרה

---

די דעות בין גאָר צו זייער נידריגסטען עקסטינגען פונקט. דאָס ערשטע פון די דעות איז „גאות". פאַר אַזאַ גרויסען מאַן הייסט נישט דער גוטער וועג אַז ער זאָל זיך פיהרען לויט דעם מיטעלמעסיגען פונקט צו זיין בלויז אַ „עניו". נאָר ער איז מחויב צו זיין גאָר אינגאַנצען שפל ביי זיך מיט זעהר אַ נידריג געמיט. אי־בער דעם שטעהט ביי משה רבינו אַז ער איז געווען „עניו מאד". ס'שטעהט נישט בלויז „עניו" נאָר „עניו מאד". דאָס הייסט גאָר אינגאַנצען נידריג. אלזאָ האָבען אונזערע הייליגע חכמים געוואָרנט „מאד מאד הוי שפל רוח". און נאָך האָבען זיי געזאָגט אַז דער וואָס האַלט זיך גרויס הייסט אַ „כופר בעיקר" גלייך ער לייקענט אין אויבערשטען. אַזוי ווי עס שטעהט אין פסוק „ורם לבבך ושכחת את ה׳ אלהיך". אויב דיין האַרץ וועט זיין הויך, דאָס הייסט פול מיט גאות, דאַן וועסטו שוין פאַרגעסען אַז ס'איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט. און נאָך האָבען זיי געזאָגט, אַז אויב אַזאַ גרויסער מאַן האָט אין זיך אפילו נאָר עטוואָס גאות, איז ער ראוי מען זאָל איהם לייגען אין חרם אַריין. (דאָס איז אַלץ בעווייל, וואָס גרעסער דער מענש איז, דאַרף ער זיין נידריגער ביי זיך.) די צווייטע דעה איז כעס. דאָס איז אויך זעהר אַ שלעכטע מדה (ובפרט פאַר אַזאַ גרויסען מאַן) אלזאָ דאַרף ער פון די שלעכטע דעה צו דערווייטערען זיך גאָר אין גאַנצען, אַזוי אַז ער זאָל זיין שטענדיג צוגעצויגען צו דעם נידריגסטען עקסטינגען פונקט פון כעס. און אַזאַ מענש דאַרף זיך געוועהנען, אַז ער זאָל זיך נישט בייזערען אפילו אויף אַזאַ זאַך וואָס מען דאַרף זיך יאָ בייזערען. און אויב ער וויל וואַרפען אַ מורא אויף זיין בני בית, אָדער אויף דעם קהל וואָס ער איז זייער פיהרער, כדי זיי זאָלען בעסער ווערען, זאָל ער ווייזען פאַר זיי, גלייך אַזוי ווי ער בייזערט זיך אויף זיי צו שטראָפען זיי. אָבער אין זיך זאָל ווירקליך די דעה זיינע זיין מיט ישוב הדעת, אַזוי ווי אין דער צייט וואָס ער בייזערט זיך נאָר נישט. אונזערע פאַרצייטישע חכמים האָבען גע־זאָגט, אַז דער וואָס בייזערט זיך, איז גלייך ווי ער וואָלט געדינט די עבודה זרה.

נאָך

זרה. ואמרו שכל הכועס אם חכם הוא חכמתו מסתלקת ממנו. ואם נביא הוא נבואתו מסתלקת ממנו. ובעלי כעס אין חייהם חיים. לפיכך צוו להתרחק מן הכעס עד שינהיג עצמו שלא ירגיש אפילו לדברים המכעיסים. וזו היא הדרך הטובה. ודרך הצדיקים הן עלובין ואינן עולבין. שומעים חרפתן ואינם משיבין. עושים מאהבה ושמחים ביסורין. ועליהם הכתוב אומר. ואוהביו כצאת השמש בגבורתו:

(ד) לעולם ירבה אדם בשתיקה ולא ידבר אלא או בדבר חכמה או בדברים שצריך להם לחיי גופו. אמרו על רב תלמיד רבינו הקדוש. שלא שח שיחה בטלה כל ימיו. וזו היא שיחת רוב כל אדם. ואפילו בצרכי הגוף לא ירבה אדם דברים. ועל זה צוו חכמים ואמרו כל המרבה דברים מביא חטא. ואמרו לא מצאתי לגוף טוב אלא שתיקה. וכן בדברי תורה ובדברי חכמה יהיו דברי האדם מעטים ועניניהם מרובים. והוא שצוו חכמים ואמרו

---

נאָך האָבּען זיי געזאָגט אַז אויב אַ חכם בּייזערט זיך, טהוט זיך אָב פון איהם זיין חכמה, און אויב אַ נביא בּייזערט זיך, טהוט זיך אָב פון איהם זיין נביאות, און די בּייזע מענשען איז זייער לעבּען קיין לעבּען נישט. אַלזאָ האָבּען זיי געוואָרענט, אַז פון כעס זאָל מען זיך נאָר אין גאַנצען דערווייטערען, עס זאָל נישט אַהרען אפילו אַזעלכע זאַכען וואָס ברענגען באמת דעם מענש אין כעס אַריין. און דאָס הייסט דער גוטער וועג, און אַזוי דאַרף זיין דער דרך פון צדיקים, אַז אפילו ווען זיי ווע־רען פאַרשעהמט זאָלען זיי יענעם נישט פאַרשעהמען. אַז זיי הערען זייער חרפה זאָלען זיי נישט ענטפערען. זאָלען דינען דעם אויבּערשטען מיט אהבה, און זאָלען זיך פרייהען מיט די יסורין. אויף זיי זאָגט דער פסוק „ואוהביו כצאת השמש בגבורתו". די וואָס האָבּען ליב דעם אויבּערשטען, וועלען לייכטען אַזוי ווי די זון ווען זי טהוט אויפשיינען מיט איהר שטאַרקייט:

(ד) אייביג זאָל דער מענש זיך געוויינען שטיל צו שווייגען און זאָל נישט ריידען נאָר אָדער אַ דבר חכמה, אָדער וועגען אַזעלכע זאַכען וואָס ער דאַרף זיי האָבּען צום דערנעהרונג פון זיין קערפּער. אין די גמרא ווערען בּעריהמט תנאים, אַז זיי האָבּען קיינמאָל נישט גערעדט קיין דברים בטלים. אָבּער דאָס רוב מענשען זענען אין דעם נישט געוואָרענט און זיי ריידען שטענדיג דברים בטלים. און אפילו וועגען דעם געבּרויך פון קערפּער דאַרף מען אויך נישט צו פיל ריידען, אויף דעם האָבּען די חכמים אונז געוואָרענט און זיי האָבּען אַזוי געזאָגט „כל המרבה דברים מביא חטא". דער וואָס רעדט צופיל ברענגט אויף זיך זינד. נאָך האָבּען די חכמים געזאָגט „לא מצאתי לגוף טוב אלא שתיקה". מיר האָבּען נישט געפונען קיין גוטען גוף, אויסער דעם וואָס איז געוואוינט שטיל צו שווייגען. דעסט גלייכען אין דברי תורה אָדער אין דברי חכמה זאָל דער מענש ריידען וועהניג און נאָר אַזעלכע דבורים וואָס זייער בּעדייטונג איז פול און גרויס

ואמרו לעולם ישנה אדם לתלמידיו דרך קצרה. אבל אם היו הדברים מרובין והענין מועט. הרי זו סכלות. ועל זה נאמר כי בא החלום ברוב
ענין וקול כסיל ברוב דברים:

(ה) סייג לחכמה שתיקה. לפיכך לא ימהר להשיב ולא ירבה לדבר. וילמד לתלמידים בשובה ונחת. בלא צעקה ובלא אריכות לשון. הוא
שאמר שלמה דברי חכמים בנחת נשמעים:

(ו) אסור לאדם להנהיג עצמו בדברי חלקות ופיתוי. ולא יהיה אחד בפה ואחד בלב. אלא תוכו כברו. והענין שבלב הוא הדבר שבפה. ואסור לגנוב דעת הבריות ואפילו דעת הנכרי. כיצד. לא ימכור לנכרי בשר נבילה במקום בשר שחיטה. ולא מנעל של מתה במקום מנעל של שחיטה. ולא יסרהב בחבירו שיאכל אצלו והוא יודע שאינו אוכל. ולא ירבה לו בתקרובת והוא יודע שאינו מקבל. ולא יפתח לו חביות שהוא צריך
לפותחן

---

גרוים. אזוי ווי די חכמים האבען אונז געווארענט, און זיי האבען געזאגט „לעולם ישנה אדם לתלמידיו דרך קצרה". דער רבי דארף לערנען מיט זיינע תלמידים שטענדיג בקיצור. אבער דער וואס רעד פיל דבורים וועגען א קליינעם ענין, הייסט דאס גאר א נארישקייט, און אויף דעם זאגט דער פסוק „כי בא החלום ברוב ענין וקול כסיל ברוב דברים". פונקט אזוי ווי דער חלום קומט פערפלאנטערט און פערמישט מיט פיל פרעמדע ענינים, אזוי זענען די רייד פון א שוטה פערפלאנטערט און פערמישט מיט פול פרעמדע ענינים:

(ה) „סייג להכמה שתיקה". אזוי האבען אונזערע חכמים געזאגט. אז א צוים צו הכמה איז דאס שטיל שווייגען. אלזא דארף מען נישט איילען זיך יענעם צו ענטפערען איידער מען קלערט גוט איבער די זאך. און ווען מען ענטפערט שוין יא, דארף מען נישט ריידען צו פול, און דאס לערנען מיט תלמידים דארף זיין געלאסען מיט ישוב הדעה, אהן געשרייען און נאר בקיצור, אזוי ווי שלמה המלך האט געזאגט „דברי חכמים בנחת נשמעים". די רייד פון די חכמים וואס ווערען גערעדט בנחת מיט ישוב הרעת, ווערען ניכער צוגעהערט:

(ו) עס איז אסור צו א מענש צו פיהרען זיך נעגען מענשען מיט גלאטיגע חנופהדיגע רייד, צו ריידען מיט׳ן מויל אנדערש ווי ער טראכט אין הארץ, נאר דער מענש דארף זיין מיט׳ן הארץ און מיט׳ן מויל גלייך, דאס וואס ער טראכט אין הארץ זאל ער ריידען מיט׳ן מויל. מען טאהר אויך נישט ב׳גנב׳נען די דעה (מיינונג) פון מענשען, סיי פון א איד און סיי פון א גוי. דהיינו מען טאר נישט פארקויפען קיין נבלה פלייש פאר ג׳שחט׳ן פלייש. מען טאר נישט פארקויפען קיין שיך פון א ג׳פגר׳ת פעל, פאר שיך פון א ג׳שחט׳ן פעל. מען טאר נישט מפציר זיין אין א חבר ער זאל ביי עהם עסען, ווען מען ווייסט אז ער וועט זיכער נישט עסען. מען טאר נישט מכבד זיין דעם
חבר

לפותחן למוכרן. כדי לפתותו שבשביל כבודו פתח. וכן כל כיוצא בו. ואפילו מלה אחת של פיתוי ושל גניבת דעת אסור. אלא שפת אמת ורוח נכון ולב טהור מכל עמל והוות:

(ז) לא יהיה אדם בעל שחוק ומהתלות. ולא עצב ואונן. אלא שמח. כך אמרו חכמים. שחוק וקלות ראש מרגילין את האדם לערוה. וצוו שלא יהא אדם פרוץ בצחוק. ולא עצב ומתאבל. אלא בעל עין טובה. ממעט בעסק ועוסק בתורה. ואותו המעט שהוא חלקו ישמח בו. ולא בעל קטטה. לא בעל קנאה. ולא בעל תאוה. ולא רודף אחר הכבוד. כך אמרו חכמים. הקנאה והתאוה והכבוד מוציאין את האדם מן העולם. כללו של דבר. ילך במדה הבינונית שבכל דעה ודעה. עד שיהיו כל דעותיו מכוונות באמצעות. והוא ששלמה אמר פלס מעגל רגליך וכל דרכיך יכונו:

שמא

---

חבר מיט מתנות, דאַמאָלס ווען מען ווייסט אַז ער נעמט נישט קיין מתנות. מען טאָר נישט עפענען פאַר קיין קונה אַ פרישׁ פאַס ווײַן, און איהם אײַנצורעדען אַז מען עפענט עס צוליב איהם, דאַמאָלס ווען מען דאַרף סײַ ווי סײַ צו עפענען אַ פרישׁ פאַס. און נאָך דיזעס גלײַכען. און אפילו אײַן וואָרט צו רעדען אַזוי גלאַט מיט אַ חבר בדרך חנופה אין גניבת הדעת, איז אויך אָסור. נאָר דער מענש דאַרף רעדען אמת'דיגע קלאָרע דיבורים און מיט אַ ריין האַרץ אָן שום ערמות:

(ז) מען דאַרף נישט אַרום גהען מיט הוללות און צופיל געלעכטער. און אויך דאַרף מען נישט אַרומגעהן צופיל טרויריג. נאָר מען דאַרף זײַן אַביסעל פרײַליך, און מען דאַרף צו עמפּפאַנגען יעדען מענש מיט אַ פרײַליך פנים, וואָרען אַזוי האָבען אונזערע חכמים געזאָגט „שחוק וקלות ראש מרגילין את האדם לערוה". געלעכטער מיט קלות ראש געוועהנען דעם מענש צו זנות. אויך זאָל מען נישט זײַן קיין גרויסער בעל תאוה צו יאָגען שטענדיג וועגען געלד, און פאַרקעהרט, טאָר מען אויך נישט צו זײַן אַ לעדיג-געהער און אַ אָבגעלאָזטער, נאָר מען דאַרף אין עפּעס עוסק צו זײַן, אָדער אין אַ מלאכה אָדער אין אַ האַנדעל, יענעם אויך צו פערגינען און איבערצולאָזען זיך צייט צו לערנען תורה, און וויפיל דער אויבערשטער באַשעהרט דעם מענש אויף זײַן חלק, זאָל ער זיך דאַמיט פרײַען, און זאָל זיך נישט קריגען מיט קיינעם, אויך זאָל מען נישט מקנא זײַן דעם צווייטען, מען זאָל זיך נישט נאָכגעבען צופיל די תאוה, און מען זאָל זיך נישט נאָכיאָגען נאָך כבוד, וואָרען אַזוי האָבען די חכמים געזאָגט, אַז קנאה, תאוה און כבוד, ברענגען אום דעם מענש פון די וועלט. דער כלל איז, אַז מען דאַרף זיך שטענדיג איבער צו רעכנען, אַז מען זאָל נאָר גהען אין מיטעלמעסיגען וועג פון יעדער דעה. אַזוי ווי שלמה המלך האָט געזאָגט „פלס מעגל רגליך וכל דרכיך יכונו". וועג איבער די טריט פון דײַנע פיס, דאַן וועלען דײַנע וועגען זײַן רעכט פערטיג

# פרק שלישי

## פרק השלישי ילמד לאדם דעת איך ישתמש עם כל עניני עולם הזה המותרים על פי תורה ותהיה כוונתו בכל דבר לכבוד שמים:

(א) **שמא** יאמר אדם הואיל והקנאה והתאוה והכבוד וכיוצא בהם דרך רעה הן. ומוציאין את האדם מן העולם. אפרש מהן ביותר ואתרחק לצד האחרון. עד שלא יאכל בשר. ולא ישתה יין. ולא ישא אשה. ולא ישב בדירה נאה. ולא ילבש מלבוש נאה אלא השק והצמר הקשה וכיוצא בהן. כגון כהני עובדי זרה. גם זה דרך רעה היא ואסור לילך בה. המהלך בדרך זו נקרא חוטא. שהרי הוא אומר בנזיר. וכפר עליו מאשר חטא על הנפש. ואמרו חכמים. ומה אם נזיר שלא פירש אלא מן היין צריך כפרה. המונע עצמו מכל דבר ודבר על אחת כמה וכמה. לפיכך צוו חכמים שלא ימנע אדם עצמו אלא מדברים שמנעתו התורה בלבד

---

## פרק שלישי

### דער דריטער פרק לערנט ווי אזוי דער מענש זאל באניצען די וועלטס זאכען אלץ לשם שמים.

(א) **שמא יאמר אדם.** אפשר וועט זיך א מענש טראכטען. אבוואהל אז קנאה, תאוה און כבוד און נאך אזעלכע שלעכטע מדות זענען א שלעכטער וועג, און זיי ברענגען אום דעם מענש פון דער וועלט, וועל איך מיך אלזא א גאנצען אבשיידען פון זיי און וועל מיך דערווייטערען פון זיי ביז דעם לעצטען עקסטיגען פונקט, אז איך זאל נישט עסען קיין פלייש, נישט טרינקען קיין וויין, נישט נעמען קיין ווייב, נישט וואהנען אין א שעהנע דירה, נישט אנטוהן קיין שעהן מלבוש, נאר איך וועל מיך ארומהילען מיט א גראבען זאק, און נאך אזא שטיינער, אזוי ווי עס זענען געוועהנט געוועזען צו טהון די גלחים פון געטצען-דינער. זאל מען וויסען אז דאס איז אויך א שלעכטער וועג, און דער וואס געהט אין אזא וועג ווערט גערופען א חוטא א זינדיגער. ווארען מען זעהט דאך ביי א נזיר שטעהט אין פסוק „וכפר עליו מאשר חטא על הנפש". ער דארף ברענגען א קרבן מען זאל אויף איהם מכפר זיין וועגען דעם וואס ער האט געזינדיגט נעגען זיין נפש. האבען די חכמים געזאגט „אויב א נזיר וואס האט זיך נאר אבגעשיידט פון בלויז וויין, הייסט א חוטא און ער דארף האבען א כפרה, מכל שכן דער וואס שיידט זיך אב פון אלעם, איז דאך אוודאי

א חוטא

בלבד. ולא יהא אוסר עצמו בנדרים ובשבועות על דברים המותרים. כך אמרו חכמים. לא דייך מה שאסרה תורה. אלא שאתה אוסר עליך דברים אחרים. ובכלל הזה אלו שמתענין תמיד אינן בדרך טובה. ואסרו חכמים שיהא אדם מסגף עצמו בתענית. ועל כל הדברים האלו וכיוצא בענין צוה שלמה ואמר. אל תהי צדיק הרבה ואל תתחכם יותר למה תשומם:

(ב) צריך האדם שיכוון לבו וכל מעשיו כלם לידע את השם ברוך הוא בלבד. ויהיה שבתו וקומו ודבורו הכל לעומת זה הדבר. כיצד בשישא ויתן או יעשה מלאכה ליטול שכר. לא יהיה בלבו לקבץ ממון בלבד. אלא יעשה דברים האלו כדי שימצא דברים שהגוף צריך להם. מאכילה ושתיה וישיבת בית ונשיאת אשה. וכן כשיאכל וישתה ויבעול לא ישים בלבו לעשות דברים האלו כדי ליהנות בלבד. עד שנמצא שאינו אוכל ושותה אלא המתוק לחיך. ויבעול כדי ליהנות. אלא ישים על לבו שיאכל וישתה כדי להברות גופו ואיבריו בלבד. לפיכך לא יאכל כל

שהחיך

---

א חוטא". און איבער דעם האבען די חכמים געווארענט אז א מענש זאל זיך נישט פערמיידען נאר פון אזעלכע זאכען וואס די תורה האט פארווערט, און א מענש דארף נישט צו אסור'ן אויף זיך מיט נדרים און שבועות אזעלכע זאכען וואס זענען מותר על פי תורה. און אזוי האבען די חכמים געזאגט „צו איז דען נישט גענוג פאר דיר דאס וואס די תורה האט אויף דיר געאסיר'ט", נאר דו אסיר'סט נאך אויף דיר צו אנדערע זאכען"?! אין כלל פון די רייד איז אויך די מענשען וואס פאסטען תמיד. זיי געהן נישט אין קיין גוטען וועג. און די חכמים האבען באזונדער ג'אסור'ט, אז א מענש טאר זיך נישט פייניגען מיט קיין תענית. און אויף אזא פייניגונג האט שלמה המלך געזאגט דעם פסוק „אל תהי צדיק הרבה. ואל תתחכם יותר. למה תשומם" זאלסט נישט זיין צופיל צדיק, און נישט קלוגער מעהר ווי די תורה, ווארום זאל דאס דיך ברענגען צו א משוגעת?!

(ב) דער מענש דארף שטענדיג טראכטען אז דאס וואס זיין הארץ גלוסט, און אז אלע זיינע מעשים וואס ער טהוט, זאלען נאר זיין לשם שמים, און ער זאל ביי יעדער זאך זיין אנגעקניפט מיט'ן געדאנק צו השם יתברך. דהיינו אז ער האנדעלט אדער ער טהוט א מלאכה צו פארדינען געלד, זאל ער נישט טראכטען אין הארץ בלויז כדי אנצוזאמלען פול געלד, נאר די כוונה זיינע זאל זיין אז ער טהוט דאס אלץ כדי ער זאל באקומען די זאכען וואס זיין גוף מוז האבען. עסען, טרונקען, א הויז צום וואהנען און מפרנס צו זיין ווייב און קינדער, אזוי ווי גאט ברוך הוא האט געבאטען. און אזוי אויך ווען ער עסט און טרינקט, אדער ווען ער איז בועל זיין ווייב, זאל ער די זאכען נישט טהון נאר כדי א הנאה צו האבען, איבער וואס עס קומט איהם אוים אז ער זאל נאר

נאכזוכען

שהחיך מתאוה ככלב וחמור. אלא יאכל דברים המועילים לגוף. אם מרים אם מתוקים. ולא יאכל דברים הרעים לגוף אע"פ שהן מתוקים לחיך. כיצד. מי שהיה בשרו חם לא יאכל בשר ולא דבש ולא ישתה יין. כענין שאמר שלמה דרך משל. אכול דבש הרבה לא טוב. ושותה מי העולשין אע"פ שהוא מר. שנמצא שותה ואוכל דרך רפואה בלבד בדי שיבריא ויעמוד שלם. הואיל ואי אפשר לאדם לחיות אלא באכילה ושתיה. וכן כשיבעול לא יבעול אלא כדי להברות גופו וכדי לקיים את הזרע. לפיכך אינו בועל כל זמן שיתאוה. אלא כל עת שידע שהוא צריך להוציא שכבת זרע כמו דרך הרפואה או לקיים את הזרע:

המנהיג

---

נאָכזוכען צו עסען און טרינקען דאָס וואָס איז זיסער און בעטעמ'טער, און ער ציהט זיך שטענדיג בועל צו זיין, כדי אַלע מאָהל הנאה צו האָבען. דאָס איז אָבער נישט מענשליך. נאָר דער מענש דאַרף אין זינען האָבען אַז זיין עסען און טרונקען איז נאָר כדי אַז זיין גוף מיט אַלע איברים זאָלען זיין געזונד, אַזוי ווי גאָט ברוך הוא האָט געבאָטען ווײַל אַ מענש איז מחויב זיך אָבצוהיטען דאָס געזונד. אַלזאָ דאַרף דער מענש זיין געוואָרענט ער זאָל נישט חאַפּען זיך צו עסען אַלץ וואָס דאָס מויל גלוסט, אַזוי ווי אַ כלב און אַ עזעל, נאָר ער זאָל נאָכזוכען צו עסען אַזעלכע מאכלים וואָס זענען גוט צום גאַנצען גוף, סיי זיי זענען ביטער, סיי זיי זענען זיס. אָבער אַזעלכע מאכלים וואָס זענען נישט געזונד פאַר'ן גוף זאָל ער נישט עסען, חאָטש זיי זענען זיס צום מויל. דהיינו דער מענש וואָס האָט אפילו נאָר אַביסעל מעהר היטץ ווי געוועהנליך אַמענש דאַרף האָבען, טאָר ער נישט עסען קיין פלייש, נישט קיין האָניג, און טאָר נישט טרינקען קיין וויין, אַזוי ווי שלמה המלך האָט אויף אַזוי שטייגער מענש געזאָגט בדרך משל, „אכול דבש הרבה לא טוב". צופיל האָניג צו עסען איז נישט גוט. נאָר אַזוי מענש דאַרף טרינקען „ענטיוויען-געטראַנק" (ליטיין, ציקוריום יענטיביום) חאָטש עס איז ביטערליך. לויט דעם דרך קומט אויס אַז דאָס וואָס דער מענש עסט און טרינקט, איז נאָר אַזוי ווי ער נעמט איין אַ רפואה, כדי זיין גוף זאָל זיין געזונד, און זאָל זיין גאַנץ אָהן אַ פעה-לער; וואָרען אַזוי ווי אַ קראַנקער מוז האָבען רפואות איינצונעמען כדי ער זאָל געזונד ווערען, אַזוי מוז דער געזונטער עסען און טרונקען, כדי ער זאָל נישט קראַנק ווערען. דעסטגלייכען אַז דער מענש איז בועל זאָל ער דאָס טהון אויך נאָר לשם שמים, כדי מקיים צו זיין מצות עונה אַזוי ווי דער דין איז, יעדער מענש לויט זיין בעשעפטיקייט און לויט זיין כח, אָדער כדי קינדער צו האָבען, אָדער כדי דער גוף זאָל זיין געזונד. אַלזאָ דאַרף דער מענש נישט בועל צו זיין שטענדיג ווען ער גלוסט נאָר, אויב ער איז נישט מקיים דערמיט די מצות עונה, אָדער אויב ס'איז נישט צוליב קינדער

האָבען

(ג) המנהיג עצמו על פי הרפואה. אם שם על לבו שיהיה כל גופו ואבריו שלמים בלבד. ושיהיה לו בנים עושין מלאכתו ועמלין לצורכו. אין זו דרך טובה. אלא ישים על לבו שיהא גופו שלם וחזק כדי שתהיה נפשו ישרה לדעת את ה׳. שאי אפשר שיבין וישתכל בחכמות והוא רעב וחולה. או אחד מאיבריו כואב. וישים על לבו שיהיה לו בן אולי יהיה חכם וגדול בישראל. נמצא המהלך בדרך זו כל ימיו. עובד את ה׳ תמיד. אפילו בשעה שנושא ונותן. ואפילו בשעה שבועל. מפני שמחשבתו בכל כדי שימצא צרכיו עד שיהיה גופו שלם לעבוד את ה׳. ואפילו בשעה שהוא ישן. אם ישן לדעת כדי שתנוח דעתו עליו. וינוח גופו כדי שלא יחלה. ולא יוכל לעבוד את ה׳ והוא חולה. נמצאת שינה שלו עבודה למקום ברוך הוא. ועל ענין זה צוו חכמים ואמרו. וכל מעשיך יהיו לשם שמים. והוא שאמר

---

האָבען, אויסער דאמאָלס ווען ער שפירט אז דאס איז איהם צו רפואה:

(ג) אפילו דער מענש וואס פיהרט זיך אזוי על פי הרפואה, אויב ער מיינט נאר מיט זיינע מעשים צוליב זיין טובת הגוף, אנצושוינען זיך זיין גוף, כדי ער זאל זיין געזונד אויף אלע אברים, און זאל נישט שפירען קיינמאל קיין צער פון עפעס א וועהטאג, און אויב ווענען קינדער האבען מיינט ער אויך נאר זיין טובת הגוף, ער זאל האבען קינדער זאלען טהון זיין מלאכה און זיי זאלען אויף איהם ארבייטען. דאס הייסט נאך נישט דער גוטער וועג. נאר דער מענש דארף טראכטען ביי די אלע מעשים אז זיין גוף זאל זיין געזונד און שטארק כדי זיין נפש זאל האבען א קלארען געדאנק צו דינען דעם אויבערשטען און צו לערנען תורה. וואָרען אז דער מענש איז הינגעריג, אדער ער איז קראנק, אדער אפילו נאר אז איין אבר טהוט איהם וועה, האט ער שוין נישט דעם קלארען געדאנק ארײַנצוקלערען אין חכמת התורה. און ווענען קינדער האבען, דארף דער מענש טראכטען כדי די קינדער זאלען דינען דעם אויבערשטען, און אפשר וועט פון איהם ארויסקומען א זוהן וואס ער וועט זיין א חכם א גדול בישראל. אזוי נאך קומט אויס אז דער וואס פיהרט זיך מיט דעם דרך, דינט שטענדיג דעם אויבערשטען, אפילו ווען ער האנדעלט אדער ער טהוט א מלאכה, און אפילו ווען ער עסט און טרינקט, אדער ער איז בועל, וואָרען זיין מחשבה איז דאך ביי די אלע מעשים נאר צוליב דעם, כדי ער זאל האבען זיין געברויך, אז זיין גוף זאל זיין גאנץ, און זאל זיין בכח צו דינען דעם אויבערשטען. און אפילו ווען דער מענש שלאפט, אויב ער שלאפט מיט דעם געדאנק כדי דער מוח מיט דעם גוף זאלען זיך אויסרוהען, און ער זאל נישט אבגעשוואכט ווערען צו קומען צו א קראנקהייט, וואָרען ווי נאך וועט ער קענען דינען דעם אויבערשטען אז ער וועט זיין קראנק, איבער דעם קומט אויס אז אפילו דער שלאף זיינער איז

שאמר שלמה בחכמתו בכל דרכיך דעהו והוא יישר אורחותיך:

# פרק רביעי

## פרק הרביעי מלמד לאדם דעת איך להתנהג עצמו בכל עניני עולם הזה על פי חכמת הרפואה הנקראת „היגיענא״. ועל ידי זה לא יחלה בנקל:

(א) הואיל והיות הגוף בריא ושלם מדרכי השם הוא. שהרי אי אפשר שיבין או ידע דבר מידיעת הבורא והוא חולה. לפיכך צריך להרחיק אדם עצמו מדברים המאבדים את הגוף. ולהנהיג עצמו בדברים המברין והמחלימים. ואלו הן. לעולם לא יאכל אדם אלא כשהוא רעב. ולא ישתה אלא

איז אויך אַן עבודה צום אויבערשטען. און אויף דעם ענין האָבען אונזערע חכמים געוואָרענט און האָבען געזאָגט, „וכל מעשיך יהיו לשם שמים״. דײַנע אַלע מעשים זאָלען זײַן לשם שמים. און דאָס זעלבע האָט שלמה המלך געזאָגט מיט זײַן חכמה, „בכל דרכיך דעהו והוא יישר ארחותיך״. אין אַלע דײַנע וועגען זאָלסטו זײַן אָנגעקניפּט מיט'ן געדאַנק צום אויבערשטען, און ער וועט דורך דעם דײַנע וועגען גלײַך מאַכען:

# פרק רביעי

## דער פירטער פרק לערענט דעם מענש, ווי אַזוי צו פיהרען זיך היגיעניש לויט דאָקטאָריאַ. כדי ער זאָל נישט אַזוי געהך קראַנק ווערען:

(א) הואיל בעווײַל אַז דאָס וואָס דער מענש זעהט אָבצוהיטען אַז זײַן גוף זאָל זײַן געזונד און שטאַרק איז אויך לשם שמים. וואָרען עס איז דאָך אינמעגליך אַז אַ מענש זאָל קאָנען אַרײַנקלעהרען און פאַרשטעהן הכמת התורה אָדער געטליכקײַט, דאַמאָלס ווען ער איז קראַנק. צלוא איז יעדער מענש מחויב זיך צו פיהרען לויט היגיענא. דאָס הײַסט צו דערווײַטערען זיך פון אַזעלכע זאַכען, וועלכע פערדאַרבען דעם גוף, און צו געוויינען זיך צו אַזעלכע זאַכען וואָס מאַכען שטאַרק און געזונד דעם גוף:

ד׳ הויפּט יסודות פון היגיענא זענען פאָלגענדע:

דער

אלא כשהוא צמא. ואל ישהא נקביו אפילו רגע אחד. אלא כל זמן שצריך להשתין או להסך את רגליו יעמוד מיד:

(ב) לא יאכל אדם עד שתמלא כריסו אלא יפחות כמו רביע משביעתו. ולא ישתה מים בתוך המזון אלא מעט וממוזג ביין. וכשיתחיל המזון להתעכל במעיו שותה מה שהוא צריך לשתות. ולא ירבה לשתות מים ואפילו כשיתעכל המזון. ולא יאכל עד שיבדוק עצמו יפה יפה שמא יהיה צריך

---

דער מענש דארף קיינמאל נישט געהן עסען נאר ווען ער איז הונגעריג, און זאל נישט טרונקען נאר ווען ער איז דורשטיג. און מען טאר זיך נישט איינ- האלטען פון נקיות פערבראכען אפילו קיין איין רגע. נאר אז מען דארף משתין זיין אדער שטילגאנג צו האבען זאל מען תיכף ארויסגעהן:

(אויב די צונג איז נישט ריין און עס איז ביטערלעך אין מויל איז א סימן אז דער מאגען איז פערדארבען. דאן טאהר מען נישט עסען ביז מען זאל איינגעמען רצין-עהל אבצופיהרען. נאכ'ן רצין-עהל איינגעמען זאל מען נאר טרינקען טעה, וואסער מיט מילך, גריץ, אבער נישט באלד צו צוחאפען זיך צום עסען. אויב עס מאכט זיך אמאהל אז דער מענש פערליהרט דעם אפעטיט פון עסען נישט צוליב א פערדארבענג, נאר בעוויל דער מאגען איז אביסעל שוואך דורך א קאטהאר. דאן איז גוט צו פערשטארקען דעם מאגען און צוריק צוקערען דעם אפעטיט דורך די פאלגענדע רפואות:

1) אלע אין דער פריה איינצונעמען אויפ'ן שפיץ מעסער אביסעל קרימעטארטארי.

2) דריי מאהל טעגליך איינצונעמען צו 10 קראפלים „טינקטורא-נענטיאני" פאר'ן עסען.

3) דריי מאהל טעגליך איינצונעמען צו 15 קראפלים „טינקטורא חינא-קאמפא-זיטא", אויך פאר'ן עסען.

4) דריי מאהל טעגליך איינצונעמען צו 15 קראפלים פאר'ן עסען „טינקטורא-אמאראע".)

(ב) דער מענש זאל זיך נישט אנעסען שטארק צו דער זאט ביז דער מא- גען זאל ווערען גוט פול, נאר מען דארף עסען א פיערט חלק ווייניגער ווי ביז צו דער זאט. למשל אז א מענש קאן איפעסען ער זאל ווערען גוט זאט פיער זעמעל, זאל ער עסען נאר דריי. אויב ער קאן אויפעסען א פונד ברויט, זאל ער נאר עסען דריי פיערטעל פונד. אין מיטען עסען זאל מען נישט טרונקען נאר א קליין ביסעל וואסער געמישט מיט וויין. און ווען דאס עסען הויבט שוין אן פערדייעט צו ווערען אין מאגען, מעג מען שוין אזוי פיל טרונקען וויפיל מען ברויך. אבער צופיל וואסער זאל מען נישט טרינקען, אפילו דאמאלס ווען דאס עסען ווערט שוין פערדייעט. פאר'ן עסען דארף זיך דער מענש גוט בודק זיין

צריך לנקביו. לא יאכל אדם עד שילך קודם אכילה עד שיתחיל גופו להום. או יעשה מלאכה. או יתיגע ביגיעה אחרת. כללו של דבר יענה גופו וייגע בכל יום בבקר עד שיתחיל גופו לחום. וישקוט מעט עד שתתישב נפשו ואוכל. ואם רחץ בחמין אחר שיגע הרי זה טוב. ואחר כך שוהה מעט ואוכל:

(ג) לעולם כשיאכל אדם ישב במקומו או יטה על שמאל. ולא יהלך ולא ירכב ולא ייגע ולא יזעזע גופו ולא יטייל. עד שיתעכל המזון שבמעיו. וכל

---

זיין אויב ער דארף נישט עפּעס נקיות צו פערברויכען. דער מענש דארף נישט געהן עסען ביז ער זאל צום ערשט געהן א שטיקעל וועגס, אדער ער זאל צוערשט טהון עפּעס אנ'ארבייט אז דער גוף זאל ווערען גוט דערווארעמט. דאס איז דער כלל פון די זאך, אז אלע אין דער פריה פאר'ן עסען זאל דער מענש מאכען בעוועגונגען מיט זיין גוף דורך עפּעס אנ'ארבייט, ביז דער גוף וועט ווערען גוט דערווארעמט, דערנאך זאל מען זיך אביסעל אָברוהען און געהן עסען. אויב מען קאן זיך אָבוואשען אין א ווארעמע וואננע נאך דער ארבייט, איז גאר גוט, נאר נאך די וואננע דארף מען זיך אביסעל אָברוהען און דערנאך צוגעהן עסען:

(בשעת ווען דער מענש איז דערשוויצט זאל ער זיך היטען נישט צו טוהן ראפּטום א קאלטען טרינק וואסער, און נישט אנידערצושטעלען זיך אויף א ווינד, ווארען דאמאל'ס קאן זיך דער מענש גרינג פערקיהלען און שלאף ווערען אויף „אינפולענציא" אדער אויף א פיבער. דער מענש וואס האט זיך נישט געהיטען און האט געכאפּט א פערקיהלונג, וואס דער ערשטער סימפּטאָהם איז קאפּ־וועהטאג, עס ווערט עס שוועהר אויפ'ן הארץ און עס דישעט עם א טריקינער היס. זאל ער ראשית באלד נעמען צו שוויצען, דהיינו ער זאל קויפען אין אפטייק די דריי מינים: בעזאָווי־טעה, ליפּאָווי־טעה און געטריקענטע מאלינעס, יעדעס פאר 5 קאפּ׳. דאס זאל מען פעבריהן אין א טשייניק אלץ צוזאמען, עס זאל זיך אָנציהן א שטארקען סענץ. דאס זאל מען טרינקען, ליגענדיג אין בעט, אזוי ווי טעה גוט הייס, אנגעצוקערט, אין מיט אריק ארייגעמישט. נאכ'ן אויסטרינקען אזא טעה דריי אדער פיער גלעזער זאל מען זיך גוט צודעקען און איינשלאפען, וועט מען גוט שוויצען. אויב נאכ'ן שוויצ'ס איז עס נישט לייכטער געוואָרען, זאל ער איינגעמען „חינין־מוריאטיקום" דריי פּראָשקעס א טאג, פון דריי ביז פינף גראן. און אָבלאטקעס. די רפואה דארף מען נעמען דריי טעג צו דריי פּראָשקעס. אויב נאך דעם מען ווערט נישט אינגאנצען געזונד, זאל מען נישט ווארטען נאר באלד ווענדען זיך צו א גוטען דאקטאר.)

(ג) אייביג ווען דער מענש עסט זאל ער ליגען אנגעלעהנט אויף דער לינקער זייט. זיצען אויף אנ'אָרט, אדער ער זאל באלד נאכ'ן עסען זאל דיר מענש נישט געהן

וכל המטייל אחר אכילתו. או שינע. הרי זה מביא על עצמו חלאים רעים וקשים:

(ד) היום והלילה כ"ד שעות. די לו לאדם לישן שלישן. שהוא שמונה שעות. ויהיו בסוף הלילה. כדי שתהי' מתחלת שנתו עד שתעלה השמש

געהן אין וועג אריין, נישט רייטען, נישט נעטען זיך צו קיין ארבייט, נישט מאכען קיין בעוועגונגען מיט'ן גוף, ביז דאס עסען וועט איבערגעקאכט ווערען אין מאגען, און עס וועט אנהייבען פער- דייעט צו ווערען. דער וואס נעמט זיך באלד נאכ'ן עסען צו דער ארבייט, אדער געהט אין וועג אריין, דער ברענגט אויף זיך שלעכטע און שווערע קראנקי- הייטען:

(דאס איז זעהר וויכטיג צום געזונד. אז נאכ'ן עסען זאל מען אביסעל איבער- געהן זיך אהין און צוריק אין שטוב, און באלד דערנאך זאל מען זיך צולעהגען און ליגען א קליינע צייט גאנץ רוהיג. דאס ברענגט דערצו אז דאס עסען אין מאגען זאל ווערען גוט איבערגעקאכט און פערדייעט. און דאן אז דאס עסען לאזט זיך ארויס פון מאגען אין די נידערעם אריין ווערט פון דעם עסען אויסגעארבייט דורך די לעבער מיט די נידערעם אלע נויטיגע פייכטיקייטען פאר דעם קערפער וועגען, און עס געהט ארויס בלויז פסולת וואס ניצט שוין גאר נישט. אבער אז מען נעמט זיך באלד נאכ'ן עסען צו דער ארבייט, יעהרט נישט דאס עסען אין מאגען און עס מאכט זיך דארט גאנץ וועניג קיילען-זוירע, איבער וואס דאס עסען לאזט זיך ארויס פון מאגען אין די נידערעם אריין אומפערדייעט. און פון דעם ווערט אין קערפער געמאכט צוויי גרויסע פעלערען. איינס. וואס דאס עסען גיבט נישט ארויס פאר'ן קערפער וועגען אלע נויטיגע פייכטיקייטען, איבער וואס דער קערפער ווערט אבגע- שוואכט צווייטענס. וואס דורך דעם וואס קומט אין די לעבער אריין פייכטי- קייטען פון אן אומפערדייעט עסען, ווערט די לעבער אבגעשוואכט, און עס ענטוויקעלט זיך אין די לעבער גאל-שטיינער, און פיעל מאהל ווערט דער מענש דורך דעם קראנק אויף די געלע-זיכט די ספעציאלע רפואות צו גאל- שטיינער און צו די לעבער קראנקהייט איז דאס קרייטעכץ "חעלידאני". אין די האמעאפאטישע אפטייקען בעקומט מען חעלידאני-פינולקילעך קליינגענקע, מען קאן די רפואה איינעמען אלע 3 שעה 10 פינולקילעך, אויסער דעם דארף מען זעהן ביי די לעבער-קראנקהייט צו זיין אלע טאג אויפגעלייביג. וועגען דעם איז גיט איינצונעמען קארלסבאדער-זאלץ סטוצנע. און אב צו שוואכען די גאל-שטיינער האבען די דאקטוירעם אנגענומען פאר ספעציעל, טערפע- טין טראפען.)

(ד) דער טאג מיט די נאכט פארנעמען פיער און צוואנציג שעה. איז גאנץ גענוג אז דער מענש זאל שלאפען א דריטעל מעת לעת. דאס הייסט אכט שעה די אכט שעה זאלען זיין צום סוף נאכט, אזוי אז פון אנהויב שלאף ביז די זינן

השמ"ש שמונה שעות. ונמצא עומד ממטתו קודם שתעלה השמ"ש:
(ה) לא יישן אדם לא על פניו ולא על ערפו. אלא על צדו. בתחלת הלילה על צד שמאל. ובסוף הלילה על צד ימין. ולא יישן סמוך לאכילה. אלא ימתין אחר אכילה כמו שלש או ארבע שעות. ולא יישן ביום:

דברים

---

זינן וועט אויפשײַנען זאָל זײַן אַכט שעה. בײַנאַכט פאַר זײַנער נײַן, וועט אויסקומען למשל אז די זינן שײַנט אויף זײַנער פינף אײַפצוהויבען זיך פונקט אײדער די זונן אין דער פריה, דאַרף מען זיך לײַגען שײַנט אויף:

(דאָס צו לאַנג שלאָפען שוואַכט אָב בײַם מענש די ענערגיע, ער ווערט פויל. דער שכל מיט'ן זכרון ווערען קנאַפּ. דאַגעגען ווײַטער דאָס צו וועהניג שלאָפען, שוואַכט אָב בײַם מענש דעם מאָגען, דאָס האַרץ מיט די נערווען. מען קאָן גרינג בעקומען דורכ'ן וועניג שלאָפען אַ נערווען-קראַנקהײַט. רפואות צו נערווען-קראַנקהײַט האָבען די דאָקטוירעס אָנגענומען פאַר ספּעציעל „בראָם", „קאַלי-בראָמאַטי" אָדער „נאַטרי-בראָמאַטי". אין די שווערע פאַלען פערשרײַבט דער דאָקטאָר צו צומישען „קאַלי-יאָדאַטי". די רפואה פון „נאַטרי-בראָמאַטי" קאָן מען זיך ערלויבען אַלײַן אײַנצונעמען. מען מישט אוים פינף טהײַל „נאַטרי-בראָמאַטי" אויף הונדערט טהײַלען איבערגעקאָכט וואַסער. פון דעם קאָן מען אײַנעמען פון 3 ביז 4 לעפעל טעגליך. אויב דער שכל מיט'ן זכרון איז בײַם מענש קאַלי געוואָרען איז זעהר גוט אײַנצונעמען די רפואה וואָס ווערט גיברענגט אין ספר „מפעלות אלקים" וואָס רופט זיך „אַני-קאַרדי", הײַנט בעקומט מען נישט די רפואה אין קײַן שום אַפּטײַק, נאָר אין אַ האָמעאָפּאַטישע אַפּטײַק. מען קאָן זיך קויפען קלײַנעקע פּיגולקעלעך פון די רפואה „אַני-קאַרדי" און אײַנצונעמען 3 מאָהל טעגליך צו 10 פּיגולקעלעך. נאָך אײַן וואָך אײַנעמען זאָל מען זיך אײַן וואָך אָבּרוהן, דער נאָך ווײַטער אײַנצונעמען די זעלבע דאָזא.)

(ה) דער מענש זאָל זיך נישט לעגען אויף דער רעכטער זײַט. באַלד נאָכ'ן שלאָפען נישט אויפ'ן פנים, נישט נאַכט-עסען דאַרף מען נישט געהן שלאָפען, נאָר מען זאָל וואַרטען בערך אויף די פּלײַצעס נאָר אויף אַ זײַט. אין אָנהויב נאַכט זאָל ער זיך לעגען אויף דרײַ שעה. בײַטאָג דאַרף מען נישט דער לינקער זײַט, און צום סוף נאַכט שלאָפען:

(דאָס עסען שפּעהט בײַנאַכט פאַר'ן שלאָפען געהן מאַכט אָהן אין מאָגען אַ גרויסע חורבה. דער מאָגען ווערט זעהר אָבגעשוואַכט דורך דעם, בעווײַל דאָס עסען ליגט צולאַנג אין מאָגען און עס הויבט אָהן צו פוילען, וואָרען בײַנאַכט איז דער מאָגען שלעפּערדיג, און ער האָט נישט דעם קראַפט אַזוי גוט צו פונקצ'אָנירען אַזוי ווי בײַטאָג, דורך דעם ווערט די צונג בעלײַגט, עס שלאָגט אין מויל אַרײַן שלעכטע גאַזען, און עס ענטוויקעלט זיך דורך דעם אַ מאָגען

(ז) דברים המשלשלין את בני מעים כגון ענבים ותאנים ותותים ואגסים ואבטיחים ומיני הקשואים ומיני מלפפונות אוכל אותם האדם בתחלה קודם אכילה. ולא יערבם עם המזון. אלא שוהה מעט עד שיצאו מבטן העליון ואוכל מזונו. ודברים שמאמצין את בני מעים. כגון רמונים ופרישין ותפוחים וקרוסטומולין. אוכל אותן תיכף למזונו. ולא ירבה לאכול מהן כשירצה:

---

אַ מאָגען קאַטהאַר. דער וואָס האָט זיך קאַלי געמאַכט אַזוי נאָך דעם מאָגען און וויל עם צוריק פאַרעכטען, איז ראשית זאָל ער זיך אָנהויבען צו פיהרען אַזוי ווי דער רמב"ם שרייבּט, אַז פון נאַכט עסען בּיז דעם שלאָפען געהן זאָל נעדווירען 3 שעה. צווייטענס זאָל ער נעמען רפואות צו פערשטאַרקען דעם מאָגען. די בּעסטע רפואות צו דעם בּעקומט מען אין די האָמעאָפּאַטישע אַפּטייקען צוויי פלעשלעך קראָפּלים: "אַנטימאָן-קרודום" און "פולזאַטיללאַ". פון די צווייערליי קראָפּלים קאָן מען איינעמען אַלע שעה. אָדער אַלע צוויי שעה פון 3 בּיז 5 קראָפּלים. פון בּיידע פלעשילעך געהיפּערט.)

(ז) די זאַכען וואָס זענען משלשל די גערערים, דהיינו וויין-טרויבּען, פייגען, קירשען, פלוימען, מעלאָנען, אונערקעס, אַלערליי ריבּלעך, דאָס זאָל דער מענש עסען פאַר'ן עסען. אָבער מען זאָל זיי נישט עסען צוזאַמען מיט דער עיקר סעודה, נאָר מען זאָל נאָך זיי אבּיסעל וואַרטען, און דערנאָך זאָל מען געהן עסען די סעודה. און די זאַכען וואָס האַלטען איין די געדערים, אַזוי ווי מילגרוימען, בּירנען, עפּעל, פּאָמעראַנ-צען. דאָס זאָל מען עסען באַלד נאָך דער סעודה. אָבער צופיל זאָל מען פון זיי נישט עסען:

(דער טעם פון רמבמ'ס ערקלערונג איז לויט דאָקטאָריאַ, בּעוויַיל די גרינגע מאכלים וואָס זענען אַבּיסעל משלשל די גידערים צוהן געשווינד זיך אַרויס צו לאָזען פון מאָגען אין די גידערים אריין, און די אַנדערע פעסטערע מאכלים צוהן צו בּלייבּען לענגער אין מאָגען, בּעוויַיל זייער פערדייַענג אין מאָגען דאַרף לענגער צו געדווירען. דערום אויב דער מענש פאָלגט נישט אַזוי ווי דער רמב"ם שרייבּט, נאָר ער עסט דערפויר די פעסטערע מאכלים און דער נאָך די גרינגע מאכלים, וואָס זענען משלשל, קומט אוים אַז אין מאָגען ליגען פון אונטען די פעסטערע מאכלים, און זיי לאָזען נישט אַרויס פון מאָגען אין די גידערים אַריין די גרינגערע מאכלים. וואָס ווערען דערפויר איבּערגעקאָכט אין פערדייַעט. דורך דעם מאַכען אָן די פערדייַעטע גרינגע מאכלים אַ בּראָ-זשענע אין מאָגען, וואָרען זיי הויבּען באַלד אָן אַרוים צו נעבען פון זיך זייערע גאַזען, וועלכע שלאָגען קאַפויר אין האַלז אַריין, בּיי וואָס דער מענש מוז גרעפּצען. אין פיעל פאַלען קאָן דאָס אַרויסבּרענגען דער מענש זאָל אויסבּרעכען דאָס עסען, אָדער עם מאַכט עהם אָן אַבּרענענג, וועלכעס רופט זיך "זגאַגאַ". אַ ספּעציאַלע רפואה צו דער זגאַגאַ מיט'ן גרעפּצען איז, צו נעמען אַ קאַווי-לעפעלע "טרינק-סאָדע" און אוים צומישען מיט פינף לעפעל קאַלט

(ז) כשירצה אדם לאכול בשר עוף ובשר בהמה כאחד. איכל בתחלה בשר העוף. וכן ביצים ובשר עוף. אוכל בתחלה ביצים. בשר בהמה דקה ובשר בהמה גסה. אוכל בתחלה בשר דקה. לעולם יקדים אדם דבר הקל ומאחר הכבד:

(ח) בימות החמה אוכל מאכלים הקרים. ולא ירבה בתבלין. ואוכל את החומץ ובימות הגשמים אוכל מאכלים החמים ומרבה בתבלין. ואוכל מעט מן החרדל ומן החלתית. ועל דרך זו הולך ועושה במקומות הקרים ובמקומות

---

קאלט וואסער און דאס אויס צוטרינקען. די רפואה קאן מען איינעמען עטליכע מאל טעגליך.)

(ז) אז דער מענש וויל עסען עופות־פלייש מיט בהמה־פלייש צוזאמען זאל ער צוערשט עסען דאס עופות־פלייש, אייער מיט עופות־פלייש, דארף מען צוערשט עסען די אייער. רונדם־פלייש מיט קאלב־פלייש אדער מיט שעפסען־פלייש, דארף מען צוערשט עסען דאס קאלב־פלייש אדער דאס שעפסען־פלייש. דאס איז דער כלל, אז שטענדיג דארף מען צוערשט עסען דאס גרינגערע מאכל, און דערנאך דאס שווערערע:

(דער טעם פון רמב"ם'ס ערקלערונג אין דעם סימן איז דאס זעלבע ווי אויבען נאך סימן (ו) בעשריבען איז. מיר גיבען דא צו נאך אבאמערקונג, אז דער וואס האט א שוואכען מאגען זאל קיין אייער ניט עסען. הארטע אייער איז צו א שוואכען מאגען אזוי ווי סם. און אפילו שיטערע אייער אויב זיי זענען ניט פרישע נאר מען שפירט זיי שוין עטוואס אזוי ווי א ריח פון לויג אדער וועש־סאדע, זענען זיי שוין אויך שטארק שעדליך צום שוואכען מאגען. עס איז אלזא נאר ערלויבט פאר אזעלכע מענשען פרישע אייער לויז געקאכט. דעסט גלייכען רונדס־פלייש, שעפסען־פלייש איז אויך שווער צום פערדייען פאר א שוואכען מאגען. קאלב־פלייש איז גרינגער צום פערדייען, אבער גאר דאס גרינגסטע פלייש צום עסען פאר א שוואכען מאגען איז נאר ווייס הינערען־פלייש אדער קאטשקע־פלייש. נעגזין פלייש הייסט אויך שוין שווער פלייש צום פערדייען די אלע שווערע פליישען וואס זיינען שווער צום פערדייען, זאל מען גוט צוהאקען און צומאהלען, און פרעגלין דער־פון קאטלעטין מיט קאקוס־בוטער, אזוי נאך ווערען זיי גרינגער צום פערדייען. ספעציאלע רפואות צו פערשטארקען דעם מאגען זענען פאלגענדע: בעפסין־וויין, ראפאל־וויין, הינין־וויין, בארבאר־וויין, דאס אלעס בעקומט מען צו קויפען אין די אפטייקען. נאך יעדען עסען איז גוט אויס צו טרינקען א קליין וויין־גלעזעל פון די מעדעצין־וויינען.)

(ח) זומער צייט דארף מען עסען אמ־מייסטענס קאלטע מאכלים, אויך זאל מען עסען פיל בשמים, געווירצען, און ביסלעכווייז ווייניג אדער ברוין. און

לויט

ובמקומות החמים. בכל מקום ומקום הראוי לו:

(ט) יש מאכלות שהם רעים ביותר עד מאד וראוי לאדם שלא לאוכלן לעולם. כגון הדגים הגדולים המלוחים הישנים. והגבינה המלוחה הישנה. והכמהין ופטריות. והבשר המלוח הישן. ויין סגתו. ותבשיל ששהא עד שנדף ריחו. וכן כל מאכל שריחו רע או מר ביותר. הרי אלו לגוף כמו סם המות. ויש מאכלות שהן רעים אבל אינן כמו הראשונים לרוע. לפיכך ראוי לאדם שלא לאכול מהן אלא מעט ואחר ימים הרבה. ולא ירגיל עצמו להיות מזונו מהם או לאוכלן עם מזונו תמיד. כגון דגים גדולים
וגבינה

---

לויט דעם קאן מען שוין אליין פערשטיין חי אזוי דער מענש דארף זיך פיהרען מיט'ן עסען, צו מען איז אין א קאלט געגענד, צו מען איז אין א היים געגענד, דארף מען זיך אלץ פיהרען אויף יעדען ארט, אזוי ווי עס איז צוגעפאסט צו דעם ארט:

(ווענען דער טעמפעראטור פון די שפייזען, איז ביים לאנגזאמען עסען ווערט זי געמעסיגט ביז זי קומט אין מאגען אריין. ביי א שנעלען עסען איז די צייט צו קורץ און די מאכלים קומען אריין אין מאגען הייסערהייד. דער רעזול-טאט פון דעם שנעלען עסען איז א גאנצע רייהע פון פערשידענע קראנקהייטען: מאגען-קאטהאר קישקעס-קאטהאר און נאך אנדערע פערדייענגס-קראנקהייטען, אלזא איז א סכנה אראב צושלינגען צו-הייסע מאכלים, וועלכע צובריהען דעם מאגען. דעסט גלייכען צו-קאלטע מאכלים איז אויך א סכנה פאר'ן מאגען, ווארען דורך אזעלכע צו-קאלטע מאכלים קאן גרינג פערקיהלט ווערען די פערדייענגס-ארגאנען. אבער צו לאנגזאם עסען איז אויך אונגעזונד. ס'זענען פערהאנען מענשען, וואס האבען א טבע צופיעל איבער צוקייען דאס עסען, איידער זיי שלינגען אראב דעם ביסען, אזא מין עסען פערדארבט די הנאה פון די שפייז. בכן דארף מען שטענדיג אכטונג געבען סיי זומער סיי ווינטער אז דאס עסען זאל מען עסען נארמאל.)

(ט) ס'איז פערהאנען מאכלים וואס זע-נען זעהר שלעכט צום גוף, און דער מענש דארף זיין געהיטען קיינמאל זיי נישט צו עסען, דהיינו גרויסע געזאלצענע פיש, וואס זענען שוין גאנץ אלט. אלטער געזאלצענער קעז. געזאל-צענע פליישען, וועלכע זענען שוין גאנץ אלט. אלערליי טוואסמען פרישער וויין, וועלכען מען האט ערשט ארויסגענומען פון קעלטער. א גיקעכץ וואס שטעהט שוין לאנג ביז מען שפירט שוין דערפון א פרעמדען גערוך. און אזוי אויך יעדעס מאכל וואס האט א שלעכטען ריח, אדער וואס איז זעהר ביטער. דאס אלץ איז צום גוף אזוי ווי סם-המות, ווידער איז פערהאן א צווייטע מין מאכלים, וואס זענען אויך שלעכט צום גוף, אבער נישט אזוי שטארק שלעכט ווי די אויבענדער-מאנטע מאכלים, אלזא קאן דער מענש פון זיי יא עפעס עסען. אבער נאר ווייניג און אויך נאר אמאל פון צייט צו צייט. די מאכלים זענען: גאנץ גרויי-
סע

וגבינה וחלב ששהא אחר שנחלב כ"ד שעות. ובשר שורים גדולים ותישים גדולים. והפול והעדשים והספיר. ולחם שעורים ולחם מצות. והכרוב והחציר והבצלים והשומים והחרדל והצנון. כל אלו מאכלים רעים הם. ואין ראוי לאדם לאכול מאלו אלא מעט עד מאד ובימות הגשמים. אבל בימות החמה לא יאכל מהן כלל. והפול והעדשים בלבד אין ראוי לאוכלן לא בימות החמה ולא בימות הגשמים. והדלועין אוכלין מהן בימות החמה:

(ז) ויש מאכלות שהם רעים ואינן כמו אלו. והם עוף המים ובני יונה הקטנים. והתמרים ולחם קלוי בשמן או לחם שנילוש בשמן. והסולת

שנפו

---

סע פיש, קעז, מילך וואס שטעהט שוין א גאנצען מעת לעת נאכ'ן אויסמעלקען, רינדס-פלייש פון די גרויסע אקסען, שעפסען-פלייש פון די גרויסע באראנעס אלערליי גראבע און הארטע ארבעסען וואס זענען שווער צום פערדייען. גער-שטען-געבעקס, מצה-געבעקס פון אונגע-זויערט טייג, קרויט, שטשאוו, ציבעלעס, קנאבעל, זענעף, רעטעך, די אלע זענען שלעכטע מאכלים, און מען דארף פון זיי נישט צו עסען נאר א מאל ווינטער צייט, און אויך נאר נאר ווע-ניג. אבער זומער צייט זאל מען פון די מאכלים נאר נישט עסען. די מינים ארבעסען וואס זענען שווער צו פערדייען זאל מען קיינמאל נישט עסען. ארבוזען קען מען עסען נאר אין זומער:

(ס'איז אינטערעסאנט צו וויסען, אז דאס פלייש פון פיש איז לויט זיין כע-מישער צוזאמענשטעלונג נישט ערגער ווי רינדס-פלייש. דעם ניטצען וואס דער ארגאניזם האט פון פיש-שפייזען, ווי זיי זאלען נישט זיין צוגעגרייט, איז גענוי דער זעלבער ווי פון פלייש-שפייזען. די נייעסטע פארשונגען האבען זאגאר בעוויזען, אז דער מאגען פערדייעט די פיש-שפייזען אזוי לייכט און גוט ווי די פלייש-שפייזען. די מיינונג וואס הערשט ביים עולם, אז פיש איז א שווערע אכילה, נעמט זיך נאר דערפון וואס נישט אלע מענשען פיהלען א טעם אין פיש. און דער טעות איז פערשפרייט ביי די אומות העולם מעהר ווי ביי אידען. איין אונטערשייד איז נאר פערהאן צווישען פיש און פלייש, מחמת דעם וואס אין פיש-פלייש איז ענטהאלטען מעהר וואסער און ווייניגער נאהרונגס-שטאף, איבער וואס עס זעטיגט נישט אזוי גוט ווי פלייש. און לויט רעכענונג קומט אויס אז כדי זאט צו ווערען פון פיש, דארף מען עסען פון פיש דריי מאל אזוי פיעל ווי פון פלייש. נאך איין אונטערשייד איז דא צווישען פיש און פלייש, וואס אלטע טויטע פיש ענטהאלטען אין זיך מעהר גיפט ווי אלט פלייש.)

(ז) ס'איז פערהאן נאך א דריטע טייל פון וואסער-עופות, דהיינו גענז, קאטש-קעס, און אויך פלייש פון יונגע טיי-בעלעך, טייטלען, ניבעקס פון גיבראטענע אומגעברענטע מאכלים. זיי זענען: פלייש מאכלים. וואס זענען אויך שלעכטע מאכלים צום טוף, אבער ווייניגער פון די אוי-התבואה מיט בוימעהל, אדער געבעקס

וואס

שנפו אותה כל צורכה עד שלא נשארה בה ריח מורסן. והציר והמוריים. אין ראוי להרבות מאכלות אלו. ואדם שהוא חכם וכובש את יצרו ולא ימשך אחר תאותו. ולא יאכל מן הנזכרים כלום אלא אם נצרך להם לרפואה. הרי זה גבור:

(יא) לעולם ימנע אדם עצמו מפירות] האילנות. ולא ירבה מהן ואפילו יבשין. ואין צריך לומר רטובים. אבל קודם שיתבשלו כל צורכן הרי הן כחרבות לגוף. וכן החרובין רעים לעולם. וכל הפירות החמוצין רעים ואין אוכלין מהן אלא מעט בימות החמה ובמקומות החמים. והתאנים והענבים

---

וואָס איז געקנעטען מיט בוימעהל, סעהל וואָס איז אַזוי גיט געזיפּט געוואָרען, ביז עס איז שוין נישט געבליבען דערין קיין ריח פון קלייען, ראָסעל פון געזאַלצענע פיש אָדער פון געזאַלצענע פליישען. חאָמש די מאכלים זענען זעהר גוט בשעת ווען מען עסט זיי, אָבער דערנאָך קאָנען זיי שאַדען צום גוף, אַלזאָ דאַרף מען זיי אויך נישט עסען צופיל, און ווער עס איז נאָר אַ מענש מיט פערשטאַנד זאָל זיך נישט נאָכגעבען די תאווה און זאָל פון די אויבענדערמאַנטע מאכלים נאָר נישט עסען אפילו פון די לעצטע וואָס שטעהן אויסגירעכענט אין דער דריטער טייל. אויף אַזאַ מענש וועט מען קענען זאָגען אַז ער איז אַ גבור הכובש את יצרו:

(ס'איז בעקאַנט יעדען געבילדערטען מענש, ווי גרויס עס איז די ווירקונג פון דעם גייסטיגען צושטאַנד און פון דער שטימונג אויף דעם פּראָצעס פון פערדייאונג. אַלזאָ דאַרף מען נישט טראַכטען בשעת סעודה, נישט וועגען קיין עסקים, און נישט וועגען אַלע אַנדערע ערנסטע ענינים, און אודאי נישט וועגען טרויעריגע זאַכען. שווערע דאגות פערטרייבען נישט בלויז דעם אַפּעטיט, נאָר זיי שטערען די נאָרמאַלע טעטיגקייט פון מאָגען. בכלל ווייסט מען אַז די טעטיגקייט פון מוח ווירקט דירעקט אויף דעם פיזיאָלאָגישען לעבען פין מאָגען, ביי דעם אַנבליק פון עפּעס אַ געשמאַק מאכל, נאָך איידער מען האָט עס צוקייעט און אַראָבגעשלונגען, האָט שוין באַלד נאָך פאַראויס דער מאָגען אַרויסגעגעבען דעם זאַפט, וועלכער העלפט צום פערדייען דאָס עסען. עס איז דעריבער נישט בלויז נויטיג, אַז די שפּייזען זאָלען זיין ערעל, ריין און געשמאַק, נאָר אויך אַז זיי זאָלען דערלאַנגט ווערען אין ריינע שענע כלים, און אויף אַ ריינעם און שענעם בעפּוצטען טיש.)

(יא) אייביג זאָל זיך דער מענש פערמיידען פון עסען צו פיל פרוכטען. אפילו קיין געטריקענטע פרוכטען איז אויך נישט געזונד צו פיל צו עסען. אומצייטיגע פרוכטען זענען צום גוף אַזוי ווי אַ שווערד. באָקסערן איז קיינמאָל נישט געזונד צו עסען, און אַזוי אויך אַלע זויערע פרוכטען זענען נישט געזונד צום עסען, נאָר וואָס זומער צייט, אָדער אויף די ערטער ווי ס'איז שטענדיג אַ הייסער קלימאַט, קאָן מען יאָ עסען פון די זויערע פרוכטען, אָבער אויך נאָר אַביסל נישט

והענבים והשקדים לעולם טובים בין רטובין בין יבשין. ואוכל אדם מהם כל צורכו. ולא יתמיד אכילתם אע״פ שהן טובים מכל פרי האילנות:

הדבש

---

נישט פיל. פייגען, ווײַנטרויבען, מאַנ־יאָ עסען וויפיל מען וויל. אָבער דלען, זענען שטענדיג געזונד צום עסען אויך דאָס זאָל נישט זײַן אָפטער מעהר פון אַלע פרוכטען, סײַ פּײַכטע סײַ אַלע טאָג, נאָר פון צײַט צו צײַט: געטריקענטע, אַלוא קאָן מען פון זײ

(ווײַנטרויבען האָבען אין זיך אַ גרויסע הײלונגס־קראַפט, און די ווײַנטרויבען־קוראַציאַ עקזיסטירט שוין זעהר לאַנג. אָבער די קוראַציאַ איז נישט גוט פאַר אַלע קראַנקהײטען. די ווירקונג פון ווײַנטרויבען־זאַפט געהט איבערהויפט אויף די קישקעס און אויף די נירען. מעהרסטענטהײלס ווירקט דאָס ווי אַ גרינג אָבפיהרונגס־מוטעל, וועלכעס רײניגט אויס די קישקעס און רופט אַרויס מעהר אורין. אויב זײ פיהרען אָהן צופיעל, דאַרף מען אָנהויבען נעמען וועניגער ווײַנטרויבען, אָדער גאָר אינגאַנצען אָנצוועבן אויפהערען אָנצווענדען דאָס מיטעל.

די ווײַנטרויבען וואָס מען געברויכט אַלס הײל־מיטעל דאַרפען ענטהאַלטען אין זיך וועניג זויערקײט. די הײלענג דאַרף אָנגעהויבען ווערען פון אַ קלײנער מאָס (1 — 2 פונט) און דאַרף ביסלעכווײַז דערגרײכן ביז 6 פונט אַ טאָג. די גאַנצע טעגליכע מאָס דאַרף אײנגעטײלט ווערען אין דרײַ פּאָרציעס. די ערשטע פּאָרציע זאָל זײַן אַ העלפט פון דער גאַנצער מאָס, וועלכעס מען דאַרף עסען באַלד אין דער פריה ניכטערן. די צווײטע פּאָרציע זאָל זײַן אַ העלפט פון דער געבליבענער העלפט, דאָס דאַרף מען עסען זײגער 12. צוויי שעה פאַר׳ן מיטאָג עסען. די דריטע פּאָרציע דאַרף מען נעמען צווישען מיטאָג און אָבענד־ברויט. די שאָלעכץ פון די ווײַנטרויבען איז גוט צו צו־קײַען זײ אײדער מען שפּײַט זײ אויס. בשעת די ווײַנטרויבען־קוראַציע דאַרף מען זיך נערען מיט לײַכטע שפּײַזען, וואָס זאָלען גיך פערדײַעט ווערען. אויב מען עסט בעת די קוראַציע אַ סך פלײש, איז גוט אַז דאָס פלײש זאָל זײַן צומאָהלען, פון וועלכען מען זאָל מאַכען געבראָטענע קאָטלעטען, דאַן קומט דורך דעם צו צום קערפּער אויף דער וואָג. דאָס איז אַלץ נאָר ווען דער מאָגען איז בײַ דעם מענש אין אָרדענונג, און ווען דער קערפּער ווײַזט נישט אַרויס קײן אָנזועהפרינע קרענקליכע ערשײַנונגען. מען דאַרף געדענ־קען אַז דאָס פאַרגרעסערען די פּאָרציעס ווײַנטרויבען זאָל זײַן וואָס לאַנגזאַ־מער, כדי דער אָרגאַניזם זאָל זיך נאָרמאַל צופּאַסען און צוגעוויינען צו דעם. די ווײַנטרויבען־קוראַציע ברענגט צו גוטע רעזולטאַטען ווען מען לײַדט פון לײַכטע נעווראַסטעניאַ. דערבײַ זענען אָבער נויטיג נאָך אַנדערע מיטלען אויך. מענשען וואָס לײַדען פון האַרץ, נירען אָדער לונגען־קראַנקהײטען, דאַרפען זיך פריהער מישב זײַן מיט אַ דאָקטאָר, צו זײ זאָלען נעמען די ווײַנטרויבען־קוראַציע. געוועהנליך דאַרף די ווײַנטרויבען קוראַציע דויערען פון 4 ביז 8 וואָכען.

(יב) הדבש והיין רע לקטנים ויפה לזקנים. וכל שכן בימות הגשמים. וצריך אדם לאכול [מהם] בימות החמה שני שלישים מה שהוא אוכל בימות הגשמים:

(יג) לעולם ישתדל אדם שיהיו מעיו רפין כל ימיו ויהיה קרוב לשלשול מעט. וזה כלל גדול ברפואה כל זמן שהרעי נמנע או יוצא בקושי חלאים רעים באים. ובמה ירפה אדם מעיו אם יתאמצו מעט. אם היה בחור יאכל בבקר בבקר מלוחים שלוקים מתובלין בשמן זית ובמורייס

---

קוראָרטען פאַר ווײַנטרויבען-קוראַציע זענען פערהאַן: אויף קאַווקאַז (טיפליס), אין קרים (יאַלטאַ), און עסטרייך (מעראַן).

(יב) האָניג און ווײַן איז נישט געזונד פאַר קינדער. אָבער פאַר עלטערע מענשען זענען זיי יאָ גוט. ווינטער-צײַט איז נאָך מעהר געזונדער האָניג מיט ווײַן ווי זומער-צײַט. אלזאָ דאַרף מען זומער-צײַט צו פאַרניטצען האָניג מיט ווײַן צוויי דריטעל ווענינגער ווי ווינטער-צײַט:

(אַזוי ווי דער רמב"ם האָט וועגען געווירצען קיין גרויסע באַמערקונג נישט געמאַכט, איז כדאי צו דערמאַנען, אַז בעניצען זיך מיט פיעל געווירצען אַרײַנצומישען אין די מאכלים, איז נישט געזונד פאַר׳ן קערפער. עס געפינט זיך אָבער אויך אַזעלכע געווירצען וואָס איז גלײַכער זיי אינגאַנצען אויסצומײַדען. נישט שעדליך איז צוקער, זאָגאַר זעהר נוצליך ווען מען געברויכט איהם נישט צופיעל. נאַטירליך זאַלץ מוז אַרײַנגעקומען צו ביסלעך כמעט אין אַלע אונזערע מאכלים. נישט שעדליך זענען אויך די פערשידענע פלאַנצענגען, מיט וועלכע מען געווירצט די שפײַזען. ווי: פיעטרושקע, קלײַנע צובעלקעלעך, קנאָבעל, מײַרלעך לאָרבער, זאַפערן, קימעל קראָפּ א׳ד׳ג׳. נישט שעדליך זענען אויך זויערע פרוכט-זאַפטען, ציטרין-זאַפט, פרוכט-עסיג, ווײַן-עסיג.
קלענערע ניטצען ברענגען די שטאַרקע געווירצען. ווי, גרויסע רויטע ציבעלעס צופיעל פעפער און אינגבער. מיט שטאַרקע געווירצען איז גלײַכער צו בענוצען זיך ווינטער-צײַט מעהר ווי אין זומער ווען ס׳איז גרויסע היטצען, אַזוי ווי דער רמב"ם שרײַבט וועגען האָניג מיט ווײַן. וואָרען דאָס אַלעס גיבט צו דעם טאָגען היטץ, וועלכעס זומער איז עס איבריג, און ווינטער איז עס גוט.)

(יג) דער מענש דאַרף זײַן געוואָרנט צו טהון כל מיני פעולות, אַז ער זאָל האָבען אַלע טאָג אַ ווייכען שטילגאַנג. אַזוי אַז עס זאָל שוין זײַן נאָהנט צו עטוואָס שלשול. און דאָס איז אַ גרויסער כלל אין רפואה אַז כל זמן דעם מענש קומט אָן שווער דער. שטילגאַנג קאָן אויף איהם קומען פערשידענע קראַנקהײַטען. און מיט וואָס קאָן זיך דער מענש ווייך מאַכען די געדערם ווען זיי ווערען אײַנגעהאַלטען? אויב דאָס איז בײַ אַ יונגען מענש, זאָל ער עסען אײַנגעזאַלצענע

ובמוריים ובמלח בלא פת. או ישתה מי שלק של תרדין. או כרוב בשמן זית ומוריים ומלח. ואם היה זקן ישתה דב"ש מזוג במים חמין בבקר. וישהא כמו ארבע שעות. ואחר כך יאכל סעודתו ויעשה כן יום אחד או שלשה או ארבעה ימים אם צריך לכך עד שירפו מעיו:
(יד) ועוד כלל אחר אמרו בבריאת הגוף. כל זמן שאדם מתעמל ויגע הרבה. ואינו שבע. ומעיו רפין. אין חולי בא עליו וכחו מתחזק. ואפילו אוכל מאכלות הרעים:

וכל

---

געזאלצענע אדער געזאטענע אדער מארי־נירטע ירקות מיט בוימעהל אדער מיט ראסעל אהן ברויט, אדער ער זאל טרונקען דאס וואסער פון געקאכטען מאנגאלד־קרויט, אדער זויער־קרויט מיט בוים־עהל און מיט ראסעל. און אויב דאס איז ביי אנ'אלטען מענש זאל ער טרונקען אין דער פריה ניכטער'ן האניג געמישט מיט הייס וואסער, נאכדעם זאל ער ווארטען בערך פיער שעה און זאל געהן עסען אנ־ביייסען. אזוי זאל ער טוהן פון איינס ביז פיער טעג, לויט ווי עס וועט אויף איהם ווירקען ביז די געדערעם וועלען ביי איהם ווייך ווערען:

(לויט די היינטיגע חכמת הרפואה איז דא פיל בעסערע זאכען וועגען דעם. דהיינו „קארלסבאדער־זאלץ" איינצונעמען פון איינם ביז צוויי קאווע לעפעלעך און א דריטעל גלאז הייס וואסער, אדער פון איינם ביז צוויי קאווע לעפעלעך „ברויז־פילווער" אויסגעמישט מיט א דריטעל גלאז קאלט וואסער. אויסער דעם איז דא פיל מינים קרייטעכצער וואס זענען זעהר גוט צו מאכען אפענ־לייביג. זיי זענען: „טויזענדגילדען־קרויט", דאס פערבריהט מען אין מען טרינקט מיט צוקער אזוי ווי טהע. ווידער איז דא „קרושינא־סקורא" דאס ווירקט גאנץ שנעל אהן שמערצען. אויך איז גוט די „סטראנקעס" וועלכע רופען זיך אויך „מוטער־בלעטער". דאס איז גענוג צו פארבריהען נאר ביז צעהן שויטלעך און צו טרינקען אזוי ווי טהע. אויסער דעם איז נאך דא וואס עס רופט זיך „פאריזער־טהע", „האמבורגער טהע", „שאמבאר טעה", דאס אלץ איז צו פאבריהען אזוי ווי טהע און צו טרינקען מיט צוקער. די אלע זאכען שוואכען אויך נישט אב דעם מאגען. אבער קיין „ריצין־עהל" זאל מען צו דעם צוועק נישט איינעמען, בעוויייל עס שוואכט אב דעם מאגען. איין פעהלער האבען נאר די אויבענדערמאנטע מיטלען, אז אויב א מענש געוועהנט זיך צו איין זאך עטליכע וואכען, ווירקט עס שוין אויף איהם וועניג, אלזא דער מענש וואס ליידט אויף עצירות זאל זיך שטענדיג בענוצען מיט פיער מיט־לען, אזוי נאך אז אלע וואך זאל ער איינעמען אנ'אנדער מיטעל. צום הייליגען רמב"ם'ס ווערטער זענען מודה אלע היינטיגע פראפעסארען. אלזא דער מענש וואס ליידט אויף עצירות און טהוט נאר נישט דאצו, ער זאל האבען אלע טאג שטילגאנג, הייסט א מתחייב בנפשו.)

(יד) נאך א כלל איז דא צום בריאת הגוף, אז כל זמן דער מענש בע־

(טו) וכל מי שהוא יושב לבטח ואינו מתעמל. או מי שמשהא נקביו. או מי שמעיו קשין. אפילו אכל מאכלות טובים ושמר עצמו על פי הרפואה. כל ימיו יהיו מכאובים וכחו תשש. אכילה גסה לגוף כל אדם כמו סם המות. והוא עיקר לכל החלאים. ורוב החלאים שבאים על האדם אינם אלא או מפני מאכלים רעים. או מפני שהוא ממלא בטנו ואוכל אכילה גסה אפילו ממאכלים טובים. הוא ששלמה אמר בחכמתו. שומר פיו ולשונו שומר מצרות נפשו. כלומר שומר פיו מלאכול מאכל רע או מלשבוע. ולשונו מלדבר אלא בצרכיו:

דרך

מיהט זיך מיט א'ארבייט, עסט זיך נישט אן צו דער זאט. און האט אלע טאג א וויכען שטילגאנג, דער מענש איז געזונד און שטארק, און עס קומט נישט אויף איהם אזוי ניך קיין קראנקהייט, חאטש ער עסט געמיינע מאכלים:

(טז) אבער דער מענש וואס געהט ליידיג און טהוט נישט קיין שום ארבייט אדער דער וואס זעהט נישט צו האבען אלע טאג, א וויכען שטילגאנג, אפילו ער עסט גוטע מאכלים און היט זיך אב לויט היגיענא, פון דעסטוועגען ליידט ער שטענדיג אלע מאל אויף אנדערע שמערצען, און זיין כח איז שוואך. דער ווייטער וואס עסט אן אכילה גסה און לעגט זיך אהן א פולען בויך, דאס איז שיעור צום גוף אזוי ווי סם המות. און דאס איז א סיבה צו פיל קראנקהייטען. ווארען דאס רוב קראנקהייטען וואס קומען אויפ'ן מענש ווענען אדער צוליב שלעכטע מאכלים, אדער צוליב דעם וואס מען לעגט זיך אהן א פולען בויך און מען עסט אן אכילה גסה, מעג זיין אפילו פון גיטע מאכלים. אויף דעם האט שלמה המלך געזאגט מיט זיין חכמה דעם פסוק „שומר פיו ולשונו שומר מצרות נפשו, קען מען זאגען אז ער האט דאס אויך געמיינט, אז דער מענש וואס היט אב זיין מויל, נישט צו עסען קיין שלעכטע מאכלים, און נישט צו עסען קיין אכילה גסה, און נישט צו רעדען וואס מען ברויך נישט, דער היט זיך אב זיין נפש פון צרות:

(די היינטיגע דאקטוירעם שרייבען אז ס'איז אינטערעסאנט צו באמערקען. דאס אויף דעם וויכטיגען כלל פון היגיענישען עסען האט שוין לאנג פריער געוועזן די אידישע תורה מיט דעם פסוק „בזיעת אפיך תאכל לחם". מיט דעם שווייס פון דיין געזיכט זאלסטו עסען ברויט. וועלכעס באדייטעט אויך. אז פאר דער נארמאלער ערנעהרונג מוז דער קערפער זיין אבגעמאטערט דורך עפעס אן ארבייט. די אמת'ע לוסט צום עסען און די ריכטיגע הנאה פון עסען קאן מען פיהלען נאר דאן, ווען מען האט פריהער פערלוירען אביסעל ענערגיע מיט אביסעל כח און קראפט. נאטירליך איז נישט דער קערפער מחויב צו זיין פאלשטענדיג מיעד, און מוז נישט האבען פערלוירען זיין גאנצע קראפט, ווייל אין אזא צושטאנד פערשווינדעט אינגאנצען דער אפעטיט און מען האט שוין נאר קיין כח נישט צו פערדייען די שפייזען. איז אלזא די בעסטע

צייט

(טז) דרך הרחיצה. שיכנס אדם למרחץ משבעה ימים לשבעה ימים. ולא יכנס סמוך לאכילה ולא כשהוא רעב. אלא כשיתחיל המזון להתעכל. ורוחץ כל גופו בחמין שאין הגוף נכוה בהן. וראשו בלבד בחמין שהגוף נכוה בהן. ואחר כך ירחץ גופו בפושרין. ואחר כך בפושרין מן הפושרין עד שירחץ בצונן. ולא יעבור על ראשו מים לא פושרין ולא צונן. ולא ירחץ בצונן בימות הגשמים. ולא ירחץ עד שיזיע ויפרך כל גופו. ולא יאריך במרחץ אלא כשיזיע ויפרך גופו ישתטף ויצא. ובודק עצמו קודם שיכנס למרחץ ואחר שיצא שמא יהא צריך לנקביו. וכן בודק אדם עצמו תמיד קודם אכילה ואחר אכילה. קודם בעילה ואחר בעילה. קודם שייגע ויתעמל ואחר שייגע ויתעמל. קודם שיישן ואחר שיישן. בשיעור הכל עשרה: [ומלבד זה צריך לבדוק עצמו

על

---

צייט פאר דאס עסען בשעת ווען דער קערפער רוהט זיך אויס פון זיין ארבייט. און נאכ'ן עסען דארף מען אביסעל זיך אפרוהען איידער מען געהט צו דער ארבייט.)

(טז) דער דרך פון אפוואשען זיך דעם גאנצען קערפער דארף אזוי זיין, אז אלע זיבען טאג זאל דער מענש געהן אין א מרחץ אריין. מען זאל נישט אריין געהן אין מרחץ אריין פאר'ן עסען, און נישט ווען מען איז הונגעריג, און נישט באלד נאכ'ן עסען. נאר מען זאלווארטען אביסעל נאכ'ן עסען ביז דאס עסען וועט אנהויבען פערדייעט צו ווערען. דאס וואסער און וועלכען מען וואשט זיך אב דעם גאנצען קערפער, זאל זיין גוט ווארעם, אבער נישט צו הייס. (היינט איז דא א טארמאמעטער צו וואנעס, דאס בעסטע איז צומאכען די וואנע לויט דעם טארמאמעטאר פון 28 ביז 30 גראד היץ.) נאר בלויז דעם קאפ דארף מען יא אבוואשען מיט גוט הייס וואסער. נאך דעם וואס מען האט זיך שוין אבגעוואשען דעם גאנצען קערפער מיט גוט ווארעם וואסער, זאל מען זיך ווייטער אינגאנצען אבוואשען מיט לאהלעך וואסער. דערנאך ווייטער מיט אביסעל קיהלער וואסער. צום סוף זאל מען זיך שוין אבוואשען דעם גאנצען קערפער מיט קאלטע וואסער. אבער דעם קאפ זאל מען נישט וואשען מיט קיין אנדער וואסער, אויסער הייסע וואסער. צולאנג מאריך צו זיין אין מרחץ איז אויך נישט געזונד. מען דארף נאר אזוי לאנג זיצען אין מרחץ ביז ס'זאל רינען פון גוף טראפענס שווייס, און די איברים פון גוף זאלען זיך צורידערען, נאכהער דארף מען זיך באלד אבוואשען און ארויס געהן. אויך דארף מען זיך בודק זיין וועגען נקיות ברויכען, איידער מען געהט אריין אין מרחץ און אזוי דערנאך. דעסטגלייכען דארף זיך דער מענש בודק זיין וועגען נקיות ברויכען שטענדיג פאר'ן עסען, און נאכ'ן עסען. פאר א בעולה, און נאך די בעולה, איידער

מען

**על פי דין קודם כל תפלה. כמו שכתוב הכון לקראת אלהיך ישראל:**
**כשיצא**

---

מען נעמט זיך צו א שווערע ארבייט, אויף פון שלאָף. סך הכל איז דאָ צעהן
און נאָך די ארבייט, איידער מען לעגט צייטען וואָס דער מענש דאַרף זיך בודק
זיך שלאָפען, און ווען מען הויבט זיך זיין וועגען נקיות ברויכען:

(דאָס איז נאָר על פי דאָקטאָריא. אָבער לויט דעם אידישען דין דאַרף מען זיך אויך בודק זיין צו נקיות יעדעס מאָל איידער מען שטעלט זיך דאַווענען. און ווייטער וועגען דעם וואָס דער רמב"ם האָט דאָ געשריבען אַז דעם קאָפּ זאָל מען נישט וואַשען מיט קיין קאַלט וואַסער, נאָר מיט הייס וואַסער גע-פינט זיך אויף דעם אין די דאָקטאָר-ביכער אַ קריטיקאָ, און כמעט אַלע שרייבען פונקט פאַרקערט, אַז דעם קאָפּ זאָל מען נאָר מיט קאַלט וואַסער וואַשען. אָבער דער אמת איז אַז דער רמב"ם האָט יאָ ריכטיג געשריבען אין די אנדערע דאָקטוירעם האָב אויך ריכטיג געשריבען. די מאָטיווען פון די ביידע פאַרקערטע מיינונגען איז אַזוי. בעוויל דער רמב"ם האָט געוואָהנט אין אפריקאַ, ווי די באַפעלקערונג נעהט שטענדיג דעם קאָפּ פערבינדען און פערהילט, און דאַדורך איז דער קאָפּ צוגעוואָהנט שטענדיג צו די וואַרעם-קייט, איז אַלזאָ דער חשבון אַז עס טויג נישט צו קיהלען דעם קאָפּ צו וואַשען עהם מיט קאַלט וואַסער, בעוויל דאָס איז פאַרקערט ווי זיין געוועהנהייט איז, קאָן זיך דער קאָפּ גרינג פערקיהלען דורכ'ן קאַלטען וואַסער. אָבער די אנדערע דאָקטוירעם, וועלכע זענען געצויגען געוואָרען אין איירופּאָ, ווי די נישט-אידישע בעפעלקערונג זענען געוואָהנט צו געהן אַמטיינסטענס בגילוי ראש, דורך וועלכען דער קאָפּ איז צו געוואָהנט צו די קעלט, אַלזאָ שרייבען זיי אַז דעם קאָפּ זאָל מען נאָר וואַשען מיט קאַלטע וואַסער, כדי די הויט פון קאָפּ זאָל גוט געשטאַפּט ווערען דורכ'ן קאַלטען וואַסער, וועט ער זיך דאַדורך אַזוי גיך נישט פאַרקיהלען, אפילו ווען ער וועט געהן אין דרויסען בגילוי ראש.

נאָך אַלעם זענען פונדעסטוועגען מודה די דאָקטוירעם, אַז אָפטע קאַלטע דושען (פריסניצען) זענען פאַר'ן קאָפּ שעדליך. זיי שרייבען נאָך אַז די פּערזאָנען וואָס געברויכען אין זומער אַלע טאָג אַ קאַלטען דוש אויפ'ן קערפּער, און גיסען אָב אין איין גאַנג אויך דעם קאָפּ, פאַלען ביי זיי אויס די האָר פון קאָפּ. וועגען דעם וויפיעל מאָל אין וואָך מען דאַרף וואַשען דעם קאָפּ, זאָגען די דאָקטוירעם זייער מיינונג אַז מאַנספערזאָנען מוזען זיך אויסוואַשען דעם קאָפּ אַמווענינגסטענס צוויי מאָל וועכענטליך, און פרויען איינמאָל. אַז מען וויל גרינדליך אויסוואַשען זיך דעם קאָפּ דאַרף מען בענוצען זייף-שפּירט, וועלכער מען בעקומט צו קויפען אין אַלע אַפּטייקען מיט דעם נאָמען "מילני-ספּירט".

צו דעם וואָס די האָר פאַלען אַרויס פון קאָפּ איז די בעסטע רפואה וואָס מען בעקומט נאָר צו קויפען אין אַ האָמעאָפּאַטישע אַפּטייק, מיט'ן נאָמען "אַפּיס-פּאָמאַדע" אָדער "אַפּיס-שפּירט", וועלכעס איז גוט אויף ביינאַכט איין צו-רייבען אין קאָפּ. דעם זעלבען גוטען רעזולטאַט קאָן מען בעקומען אויך פון
ארניק

**(יז) כשיצא אדם מן המרחץ ילבש בגדיו ויכסה ראשו בבית החיצון, כדי שלא תשלוט בו רוח קרה. ואפילו בימות החמה צריך להזהר. וישהא אחר שיצא עד שתתישב נפשו וינוח גופו ותסור החמימות. ואחר כך יאכל. ואם ישן מעט כשיצא מן המרחץ קודם אכילה. הרי זה יפה מאד. ולא ישתה מים קרים בצאתו מן המרחץ. ואין צריך לומר שלא ישתה במרחץ. ואם צמא כשיצא מן המרחץ ואינו יכול למנוע עצמו. יערב המים ביין או בדבש וישתה. ואם סך בשמן במרחץ בימות הגשמים אחר שישתטף הרי זה טוב:**

לא

„אַרניִק־פּאָמאַדעֶ" אָדעֶר פון „אַרניִק־ספּיִרט" וועֶלכעֶן מעֶן בּעֶקומט אויךְ נאָר צו קױפעֶן אִין אַ האָמעֶאָפּאַטיִשעֶ אַפּטײק. נאָר מיִט די לעֶצטעֶ מיִטלעֶן דאַרף מעֶן זיִךְ נאָר צו בּעֶניִטצעֶן אײנצוראײבעֶן דעֶם קאָפּ דרײ מאָל וועֶכעֶנטליךְ אויף בּײנאַכט. דאָ ווי עֶס איז ניִשט דאָ קײן האָמעֶאָפּאַטיִשעֶ אַפּטײק קאָן מעֶן זיִךְ „אַרניִק־שפּיִרט" אַלײן מאַכעֶן. מעֶן זאָל קױפעֶן אִין אַפּטײק פאַר פיִנף קאָפּי־קעֶס אַרניִק טהעֶ, און דאָס זאָל מעֶן אײנװײקעֶן איִן אַ גלאָז שפּיִרט, אויסעֶר די האָמעֶאָפּאַטיִשעֶ מיִטלעֶן איז צו בּעֶקומעֶן אִין אַלעֶ גרויסעֶ אַפּטײ־קעֶן, און אויךְ אִין די סקלאַד־אַפּטיִצנעֶס, אַ גרײט מיִטעֶל מיִט דעֶם נאָמעֶן „פּיִעֶרוניִ", וועֶלכעֶס העֶלפט אויךְ גאַנץ גוט צו הײלעֶן דעֶם פעֶהלעֶר פון די האָר אויסקריִכעֶן.)

**(יז)** ווען דעֶר מעֶנש געֶהט אַרױס פון מרחץ זאָל עֶר ניִשט זיִצעֶן נאַקעֶט, נאָר עֶר זאָל זיִךְ בּאַלד אָנטוהן די מלבּושים, און דעֶם קאָפּ זאָל עֶר אויךְ בּאַלד צו־דעֶקעֶן מיִט אַ בּגד, כּדי עֶר זאָל זיִךְ ניִשט צוקיִהלעֶן. אפילו אִין זומעֶר דאַרף מעֶן אויךְ צו זײן אִין דעֶם געֶוואָרעֶנט. נאָכ'ן אַרויסגעֶהן זאָל מעֶן זיִךְ אַבּיִסעֶל אָבּרו־העֶן, בּיִז די היִץ פון קעֶרפּעֶר ווערט אַבּיִסעֶל קלעֶנעֶר ווערעֶן. דעֶרנאָךְ קאָן עֶר שוין געֶהן עֶסעֶן. אויבּ מעֶן קאָן אַבּיִסעֶל שלאָפעֶן נאָכ'ן אַרויסגעֶהן פון מרחץ פאַר'ן עֶסעֶן איז זעֶהר גוט, מעֶן זאָל ניִשט טריִנקעֶן קײן קאַלט וואַסעֶר ווען מעֶן געֶהט אַרױס פון מרחץ. ווער שמיִסט ווען מעֶן איז נאָךְ אִין מרחץ, זאָל מעֶן אוּדאי ניִשט טריִנ־קעֶן קײן קאַלט וואַסעֶר, נאָר געֶמיִשט מיִט וױן אָדעֶר מיִט האָניִג. וויִנטעֶר־צײט אויבּ מעֶן קאָן זיִךְ אויסשמיִרעֶן אִין מרחץ מיִט בּוימעֶהל נאָכ'ן גאַנצעֶן אָבּוואַשעֶן איז גאַנץ גוט:

(אִין די אײראָפּעֶהשעֶ לעֶנדעֶר איז אִין די לעֶצטעֶ צײטעֶן כּמעט אִין גאַנצעֶ אוּנטעֶר געֶגאַנגעֶן דעֶר מנהג צו שמיִרעֶן זיִךְ מיִט בּוימעֶהל אִין מרחץ. נאָר די מעֶנשעֶן וואָס לײדעֶן אויף אַ לײכטעֶן רעֶוומאַטיִזם אִין די העֶנד און פיִס זאָלעֶן זיִךְ אויסשמיִרעֶן נאָכ'ן מרחץ מיִט „טעֶרפּאָנטיִן" אויסגעֶמיִשט האַלבּ אויף האַלבּ מיִט האָלץ־שפּיִרט. און די מעֶנשעֶן וואָס האָבּעֶן נאָר שוואַכעֶ פיִס מיִט שוואַכעֶ מוסקוּלעֶן, איבּעֶר וואָס די פיִס ווערעֶן בּײ זײ אַלעֶ מאָל מיִהד, איז גוט זײ זאָלעֶן זיִךְ אויסשמיִרעֶן נאָכ'ן מרחץ די פיִס מיִט אַבּיִסעֶל „נפט".

(יח) לא ירגיל אדם להקיז דם תמיד. ולא יקיז אלא אם יהיה צריך לו ביותר. ולא יקיז לא בימות החמה ולא בימות הגשמים. אלא מעט בימי ניסן ומעט בימי תשרי. ומאחר חמשים שנה לא יקיז כלל. ולא יקיז אדם דם ויכנס למרחץ בו ביום. ולא יקיז ויצא לדרך. ולא ביום שיבא מן הדרך. ויאכל וישתה ביום ההקזה פחות ממה שהוא רגיל. וינוח ביום ההקזה ולא ייגע ולא יתעמל ולא יטייל:

שבבת

---

די הײַנטיגע דאָקטוירעס שרײַבען ווענען באָד פאָלגענדעס: עס איז זעהר וויכטיג דער מענש זאָל געהן אָפטמאָל אין אַ באָד, ווײַל די באָד פרישט אויף די אַרבײַט פון דער הויט, דורך וואָס זי דערהאַלט דעם מענשענס קרעפטיגקײַט. און דורך דעם מײַדט דער מענש אויס פערשידענע קראַנקהײַטען. די באָד איז איבערהויפּט נויטיג אין יענע פאַלען, בשעת דער קערפער נויטיגט זיך אין אַ שנעלען בלוט אין שטאָף פערקעהר. דהיינו בײַ דיקקײַט, זאָלאָטוחע, סיפילים, פּאָדאַגרע, רעוומאַטיזם, פערקיהלונג, און אויך נאָך אַ שווערער און לאַנגער קרענק. די באָד קאָן שעדלעך זײַן נאָר פאַר קלײַנע קינדער און מעוברת׳דיגע פרויען ווען זיי געפונען זיך אין לעצטען פעריאָד. נאָך אַ זאַטיג עסען איז נישט געזונד קײַן באָד. די פערזאָנען וואָס שפּײַען מיט בלוט אָדער וואָס האָבען האַרץ-קלאַפּענג, טאָרען נישט געהן אין קײַן באָד.

זעהר טרויריג איז אָבער דער צושטאַנד פון דער אידישער באָד אין די קלײַנע שטעדטלעך. וועלכע זענען על פי רוב חשכ׳דיג און שמוציג. די סטעלע (פּאָטאָלאָק) איז באַדעקט מיט שימעל און פײַכטקײַט, פון וואַנעט ס׳טריפט אָהן אויפהער שמוציגע טראָפּענס. ערב שבת און יום טוב איז אַ געוואַלדיגע ענגשאַפט און שטופּעניש. די היץ דערגרייכט אַ מאָל ביז 40 — 50 גראַד. פיעל וואַשען דאָרט זיך אויס זײַערע שמוציגע וועש און רייניגען דאָרט זײַערע פערשידענע קרעץ, בלוטערען, געשווירען. אונטער די בענק איז מורא׳דיג שמוציג, אָנגעוואָרפען מיט פיעל אומרײַנקײַט. אַזעלכע בעדער ברענגען אָפט מעהר שאָדען ווי נוצען.)

(יח) דער מענש זאָל זיך נישט צוגעוועהנען בלוט צו לאָזען זיך (דורך צ״ער האַקען אָדער דורך קעפּ האַקען), מען זאָל זיך נישט קײַן בלוט לאָזען נאָר ווען מען דאַרף דאָס על פי רפואה. זומער-צײַט און ווינטער-צײַט איז נישט געזונד בלוט צו לאָזען אַז אפילו מען דאַרף לרפואה. נאָר אין ניסן אָדער אין תשרי קאָן מען זיך יאָ בלוט לאָזען, אָבער נישט פיעל נאָר אביסעל. און נאָך פופציג יאָהר זאָל מען זיך שוין קײַנמאָל נישט לאָזען קײַן בלוט. דאַמאָלס ווען דער מענש דאַרף זיך בלוט לאָזען פאַר אַ רפואה, זאָל ער דאָס נישט טוהן דעם טאָג וואָס ער געהט אין מרחץ אַרײַן, און נישט אין דעם טאָג וואָס ער געהט אין וועג אַרײַן, דעסטגלײַכען נישט אין דעם טאָג וואָס ער קומט פון וועג. אין דעם טאָג פון בלוט לאָזען זאָל דער מענש ווענינער ווי אין אַ׳אַנדערען טאָג

(יט) שכבת זרע היא כח הגוף וחייו ומאור העינים. וכל שתצא ביותר הגוף כלה וכחו כלה וחייו אובדים. הוא שאמר שלמה בחכמתו אל תתן לנשים חילך. כל השטוף בבעילה זקנה קופצת עליו. וכחו תשש ועיניו כהות. וריח רע נודף מפיו ומשחיו ; ושער ראשו וגבות עיניו וריסי עיניו נושרות. ושער זקנו ושחיו ושער רגליו רבה. שיניו נופלות. והרבה כאבים חוץ מאלו באים עליו. אמרו חכמי הרופאים. אחד מאלף מת בשאר חולאים. והאלף מרוב התשמיש. לפיכך צריך אדם להזהר בדבר זה

טאָג עסען און טרונקען און אויך זאָל ער נאָר נישט אַרבײַטען אין דעם טאָג , און זאָל נישט שפּאַצירען אין דעם טאָג, נאָר ער זאָל אין דעם טאָג אָפּריהן זיך אין דערהיים.

(די היינטיגע דאָקטוירים זעהן כמעט אינגאַנצען אונטער צוברענגען דאָס בלוט לאָזען פון אַ קראַנקען אָדער אַ שוואַכען מענש. זיי האַלטען זיך גאַנץ פעסט אין דעם פּרינציפּ וואָס שטעהט אין די אידישע תורה „כי הדם הוא הנפש" אַז די בלוט איז דאָס גאַנצע חיות פון מענש. אויסער אַמאָהל ביי זעהר געפעהרליכע קראַנקהייטען, אַזוי ווי, אַפּאָפּלעקסיע, געהירען-ענטצינדונג, משוגעת אָדער ביי אַ שטאַרק ענטצינדונג, קאָן אַמאָהל יאָ זיין אַ רפואה דאָס בלוט לאָזען. אָבער נאָר דורך דעם ערלויבעניש פון אַ דאָקטאָר. דאָס זעלבע קאָן מען אויך בע-שטעטיגען ביי טייל מענשען וואָס ליידען אויף העמאָרידען, און זיי רעדען זיך איין, אַז דאָס איז גאַנץ געזונד פאַר'ן מענש עס זאָל פון עהם אָבגעהן אַלע מאָהל צייטענווייז אַביסעל בלוט. אָבער דער אמת איז אַז דאָס איז נאָר אַ דומהייט. דער מענש ווערט דורך דעם זעהר אָבגעשוואַכט. דאָס האַרץ מיט די נערווען קאָנען נישט פונקציאָנירען געהעריג אויב דער מענש איז בלוט-אַרמוט.)

(יט) די זרע פון מענש איז דער כח פון זיין גוף און דאָס חיות פון גוף און אויך דאָס ליכטיגקייט פון זיינע אויגען, און וואָס מעהר די זרע געהט אַרויס פון גוף ווערט דער גוף מעהר אָבגעשוואַכט. דער כח לאָזט זיך אויס און דאָס לעבען ווערט פערלוירען. אויף דעם האָט שלמה המלך געזאָגט מיט זיין חכמה „אַל תתן לנשים חילך" זאָלסט נישט אַוועק געבען צו ווייבער דיין קראַפט. דער מענש וואָס לאָזט זיך אַריין אין די תאוה פון בעילה, שפּרינגט אויף עהם אַרויף די עלטער פאַר די צייט. זיין כח ווערט שוואַך, די אויגען ווערען דונקעל, אַ שלעכטען ריח שפּירט מען פון זיין מויל און פון זיין לייב, די האָר פון קאָפּ און פון די ברומען קריכען ביי עהם אויס, די האָר פון זיין באָרד און פון די אָרעמעס ווערען גימעהרט, די ציין פאַלען איהם אַרויס, און אויסער דעם קומען אויף עהם אַלע מאָל פיל שמערצען. די חכמים פון די רופאים האָבען געזאָגט אַז איינער פון טויזענד שטאַרבט דורך אַ אַנדערע קראַנקהייט און טויזענד שטאַרבען דורך צופיל זרע אָבגעהן. אַלזאָ דער מענש וואָס וויל זיין געזונד

זה אם רצה לחיות בטובה. ולא יבעול אלא כשימצא גופו בריא וחזק ביותר. והוא מתקשה הרבה שלא לדעתו. ומסיח עצמו לדבר אחר והקישוי בו כשהיה. וימצא כובד ממתניו ולמטה. וכאלו חוטי הביצים נמשכים ובשרו חם. זה צריך לבעול ורפואה לו שיבעול. לא יבעול אדם והוא שבע. ולא רעב. אלא אחר שיתעכל המזון שבמעיו. ויבדוק נקביו קודם בעילה ולאחר בעילה. ולא יבעול מעומד ולא מיושב. ולא בבית המרחץ. ולא ביום שיכנס למרחץ. ולא ביום הקזה. ולא ביום יציאה לדרך או ביאה מן הדרך. לא לפניהם ולא לאחריהם:

כל

---

געזונד, און וויל זיך אבהיטען זיין לעבען, זאל זיין אין די זאך שטארק געווארענט אז ער זאל נישט בועל זיין אפטער פון בלויז תאוה וועגען, נאר אזוי ווי מיר האבען אויבען אין דריטען פרק געשריבען אז דאס זאל נאר זיין צוליב קינדער האבען, אדער כדי מקיים צו זיין מצות עונה אזוי ווי דער דין איז. צו דעם צו דארף מען דאס אויך וויסען אז דאס איז נאר גוט פאר'ן גוף דאמאלס ווען ער ווייסט אז זיין גוף איז געזונד און שטארק און החוץ דעם אויב ער שפירט אז ער מוז דאס טהון לרפואה, דהיינו אז ער וועט איהם גרינגער און לייכטער ווערען דורך דעם וואס עס וועט פון איהם אבגעהן א ביסעל זרע, דאמאלס דארף ער אויך בועל זיין. נאך דארף דער מענש זיין געווארענט נישט בועל צו זיין באלד נאכ'ן עסען, ווען ער איז שטארק פול און זאט און אויך נישט ווען ער איז הונגעריג, נאר דאמאלס ווען דאס עסען ווערט פערדייעט אין זיינע גדערים. פאר'ן בועל זיין און אויך דערנאך דארף מען זיך בודק זיין וועגען נקיות געברויכען. עס איז נישט געזונד בועל צו זיין שטעהענדיג און אויך נישט זיצענדיג. עס איז אויך נישט געזונד בועל צו זיין אין א מרחץ, אויך איז נישט געזונד בועל צו זיין אין דעם טאג וואס מען געהט אין א מרחץ אריין, אדער אין דעם טאג וואס מען לאזט זיך בלוט, נישט דעפויר און נישט דערנאך. אין דעם זעלבען טאג וואס מען געהט אוועק צופוס אין א וויי־טען וועג אריין, דעסט גלייכען אין דעם זעלבען טאג וואס דער מענש איז אהיים געקומען פון א וויטען וועג, וואס ער איז געגאנגען צופוס, איז אויך נישט גע־זונד בועל צו זיין:

(צו די אלע אויפגאבען, וואס דער רמב"ם האט דא געשריבען אין דעם סימן, ווי אזוי דער מענש דארף זיך פיהרען אלס מאן, זענען מסכים אויך די היינטיגע דאקטוירען. דער מענש וואס פאלגט נישט און פיהרט זיך אנ־דערש, ארייגלאזענדיג זיך צופיעל אין די תאוה אריין, קומט אבער צו אנ'אל־געמיינע פערשוואכונג פון גאנצען קערפער, אבער ער ווערט קראנק אויף איינעם פון די צוויי קראנקהייטען, וועלכע זענען: „פאללוציא" (זיבה), אדער „ימפאטענציא" (מענערשוואכהייט). די ביידע קראנקהייטען איז גאנץ שווער אויס צו קורירען געווענליך.

קענש

(כ) כל המנהיג עצמו בדרכים אלו שהורינו. אני ערב לו שאינו בא לידי חולי כל ימיו עד שיזקין הרבה וימות. ואינו צריך לרופא. ויהיה גופו שלם ועומד על בוריו כל ימיו אלא אם כן היה גופו רע מתחילת ברייתו. או אם היה רגיל במנהג מן המנהגות הרעים מתחילת מולדתו. או אם תבא מכת דבר או מכת בצורת לעולם:

(כא) כל המנהגות הטובים האלו שאמרנו אין ראוי לנהוג בהן אלא הבריא. אבל החולה או מי שאחד מאיבריו חולה. או מי שנהג

מנהג

---

קענען עפּטערע פּאָללוציעס ווערט רעקאָמענדירט אין די לעצטע צייט פּאָלגענדע פּרעפּאַראַטען, וועלכע מען קאָן בעקומען אין אַלע אַפּטייקען מיט אַ בעשרייבונג ווי אַזוי דאָס איינצונעמען. זיי זענען פאָלגענדע:

פּיטשילין. אַרמאַטין. עטערין. טיעלערין.

דער מענש וואָס איז נישט אינשטאַנד צו קויפען די מיטלען, זאָל ער חאָדזשען צו קורירען זיך מיט אַ וואָלוועל מיטעל, וועלכעס באַשטעהט פון דעם, ער זאָל קויפען „האָפּפען" וועלכעס ווערט בענוצט צום ביער מאַכען. די האָפּפען דאַרף מען פערבריהן ווי טעה, און צו טרינקען עטליכע גלעזער איבער'ן טאָג, אַזוי ווי מען טרינקט טעה מיט צוקער.

קענען ימפּאָטענציאַ־קראַנקהייט ווערט אין די לעצטע צייטען רעקאָמענדירט פיעל פערשידענע פּרעפּאַראַטען, וועלכע ווערקען נאַנץ ווייניג אויפ'ן קערפּער צו פערגרינגערען די קראַנקהייט. אָבער אויפ'ן בייטעלע ווערקען זיי יאָ נאַנץ זיכער צו פערגרינגערען. די בעסטע פון זיי זענען פאָלגענדע:

מאָיראַציטין. ליצעטין. ספּערמין.

אָבער אַזוי ווי עס איז אַ גרויסער צווייפעל אין זייער ווירקונג, און די מיטלען זענען גאַנץ טייער, איז גלייכער בעסער צו קרעפטיגען זיך מיט גוט עסען און טרינקען, צו געהן אויף גוטע פרישע לופט, נישט צו אַרבייטען שווער, סיי פיזישע און סיי גייסטיגע אַרבייט. דאָס פיהרעכץ קאָן אַמאָל בעסער ווירקען ווי די אַפּטייק־מיטלען.)

(כ) דער מענש וואָס פיהרט זיך פונקטליך אין די אַלע דרכים אַזוי ווי דאָ ווערט גירעכנט, זאָגט דער רמב"ם, בין איך עהם ערב אַז ער וועט קיינמאָל נישט קומען צו קיין קראַנקהייט, ביז ער וועט גוט אַלט ווערען און וועט שטאַרבען, און דער מענש וועט נישט דאַרפען בענוצען קיין רופא, וואָרען זיין גוף וועט זיין געזונד כל ימיו. אויסער אויב זיין גוף האָט געהאַט אַ געבוירענעם פעהלער, אָדער ער האָט זיך געפיהרט אין דער יוגענד מיט אַ שלעכט פיהרעכץ, אָדער אויב עס וועט קומען ח"ו אַן עפּידעמישע מגפה, אָדער אַ הונגער אויף די מדינה, פאַר אַזעלכע שלעכטע פאַלען קען מען שוין נישט ערב זיין:

(כא) מען דאַרף אויך וויסען אַז די אַלע גוטע מנהגים וואָס שטעהן דאָ אויסגירעכענט, זענען נאָר געזאָגט געוואָרען פאַר אַ געוועהנליכען געזונדען מענש, אָבער

מנהג רע שנים רבות. יש לכל אחד מהם דרכים אחרים והנהגות כפי חליו. כמו שיתבאר בספר הרפואות. ושינוי וסת תחילת חולי:

(כב) כל מקום שאין בו רופא. אחד הבריא ואחד החולה אין ראוי לו לזוז מכל הדרכים האלו שנאמרו בפרק זה. שכל אחד מהן לאחרית טובה מביא:

(כג) כל עיר שאין בה עשרה דברים האלו אין תלמיד חכם רשאי לדור בתוכה. ואלו הן. רופא. ואומן. ובית המרחץ. ובית הכסא. ומים מצויין כגון נהר ומעיין. ובית הכנסת. ומלמד תנוקות. ולבלר. וגבאי צדקה. ובית דין מכים וחובשים:

כשם

אָבער אַן׳אויסערגעוועהנליכער מענש וואָס האָט נאָר עפּעס אַ קראַנקהייט, אָדער וואָס ער איז שוואַך געוואָרען דורך דעם וואָס ער האָט זיך שלעכט געפיהרט פול יאָרען, אַזעלכע מענשען דאַרפען זיך שוין אָבגעבען צו אַ געניטען רופא, וועלכער זאָל זיי לערנען בפרטיות יעדען קראַנקען מענשען בעזונדער, ווי אַזוי ער דאַרף זיך פיהרען. דאָס דאַרף אויך יעדער מענש וויסען, אַז מאָמער מאַכט זיך ביי איהם עפּעס אַ שינוי וסת, דאָס הייסט אַז ער שפירט עפּעס אַן׳ענדערונג אין קערפּער, דאָס איז אַן אָנהויב פון אַ קראַנקהייט:

(כב) אין די ערטער ווי עס געפונט זיך נישט קיין רופא דאַרפען זיין געוואָרענט, סיי די קראַנקע און סיי די געזונדע מענשען, אַז זיי זאָלען זיך נישט אַוועקריהרען אַנדערש צו פיהרען זיך ווי די אַלע דרכים וואָס שטעהן דאָ אין דעם פרק דערמאַנט, וואָרען יעדער דרך אָדער יעדער מנהג פון דעם פרק ברענגט צו אַ גוטען תכלית:

(כג) אין אַזאַ שטאָדט ווי עס געפונען זיך נישט די פאָלגענדע צעהן זאַכען. טאָר קיין תלמיד וחכם דאָרט נישט וואָהנען. דאָס זענען זיי: אַ רופא. אַ מוהל. אַ מרחץ. אַ בית הכסא. געוועהנליך גוט וואַסער פון אַ טייך אָדער פון אַ ברונען. אַ בית הכנסת. אַ מלמד תינוקות. אַ סופר. אַ גבאי פון צדקה. אַ בית דין וואָס קאָן האַלטען די שטאָדט שטרענג, אַז די איינוואָהנער זאָלען זיך פיהרען אָרענטליך. דאָס זענען די צעהן נויטינסטע זאַכען פון אַן׳אָרענטליכע שטאָדט:

# פרק חמישי

## פרק החמישי מלמד דרך ארץ לתלמידי חכמים איך הם צריכים להתנהג שתהיה רוח הבריות נוחה מהם.

(א) **כשם** שהחכם ניכר בחכמתו ובדעותיו והוא מובדל בהם משאר העם. כך צריך שיהיה ניכר במעשיו. במאכלו ובמשקהו ובבעילתו ובעשיית צרכיו ובדיבורו ובהילוכו ובמלבושו ובכלכול דבריו ובמשאו ובמתנו. ויהיו כל המעשים האלו נאים ומתוקנים ביותר. כיצד. תלמיד חכם לא יהיה גרגרן אלא אוכל מאכל הראוי להברות גופו. ולא יאכל ממנו אכילה גסה. ולא יהא רודף למלאות בטנו כאלו שמתמלאין ממאכל ומשתה עד שתיפח כריסם. ועליהם מפורש בקבלה וזריתי פרש על פניכם. אמרו חכמים אלו בני אדם שאוכלין ושותין ועושין כל ימיהם כחגים. והם האומרים אכול ושתה כי מחר נמות. וזהו מאכל הרשעים.

ושלחנות

---

## פרק חמישי

דער פינפטער פרק לערענט דרך ארץ ווי אזוי אַ תלמיד חכם דאַרף זיך פיהרען, אַז ער זאָל האָבען אַ חשיבות ביי מענשען.

(א) **כשם שהחכם.** אַזוי ווי דער חכם ווערט דערקענט מיט זיין חכמה און מיט זיינע דעות, און ער איז מיט זיי אָבגעשייד פון דירעשט פאָלק. אזוי דארף ער ווערען דערקענט מיט זיינע מעשים, מיט זיין עסען און טרינקען, און בועל זיין, און נקיות פערברויכען. מיט זיין רעדען, מיט זיין גאנג, מיט זיין קליידענג. מיט דעם איבערעכענטקייט פון זיינע רייד, און מיט זיין משא ומתן פיהרען. אזוי אז די אלע מעשים דארפען זיין ביי עהם אויפ'ן שענסטען אופן און אָהן שום פעלער. דהיינו ווי אַזוי? אַ תלמיד חכם טאָהר ניט זיין קיין פרעסער, נאָר ער זאָל עסען אַזאַ מאכל וועלכעס קאָן שטארקען זיין גוף. אָבער ער זאָל ניט עסען דערפון קיין אכילה גסה אָנצולעגען זיך דערמיט אַ פולען בויך, אַזוי ווי די נידריגע קלאסען מענשען טוהן, אז זיי לעגען זיך אָהן אַ פולען בויך ביז ער ווערט גוט אָנגעבלאָזען און פערהארטיווערט. אויף זיי זאָגט דער פסוק „וזריתי פרש על פניכם". איך וועל פערשפרייטען אייער מיסט אויף אייערע פנים'ער. האָבען די חכמים געזאָגט אז דער פסוק נעהט ארויף אויף די מענשען וואָס באַליבען שטענדיג, און זיי מאכען זיך אלע טאָג אַזוי ווי יום טוב, וואָרען זיי זאָגען אז נאָר די וועלט איז דער

עיקר

ושלחנות אלו הם שגינה הכתוב ואמר. כי כל שלחנות מלאו קיא צואה בלי מקום. אבל החכם אינו אוכל אלא תבשיל אחד או שנים ואוכל ממנו כדי חייו ודיו. הוא שאמר שלמה צדיק אוכל לשובע נפשו:

(ב) כשהחכם אוכל מעט זה הראוי לו לא יאכלנו אלא בביתו על שלחנו. ולא יאכל בחנות ולא בשוק אלא מפני צורך גדול. כדי שלא יתגנה בפני הבריות. ולא יאכל אצל עמי הארץ. ולא על אותן השלחנות המלאים קיא צואה. ולא ירבה סעודותיו בכל מקום ואפילו עם החכמים. ולא יאכל בסעודות שיש בהן קיבוץ הרבה. ואין ראוי לו לאכול אלא בסעודה של מצוה בלבד. כגון סעודת אירוסין ונישואין. והוא שיהיה תלמיד חכם שנשא בת תלמיד חכם. והצדיקים והחסידים הראשונים לא אכלו מסעודה שאינה שלהן:

כשהחכם

---

עיקר לעבען, אלזא דארפען מיר היינם עסען און טרינקען און לאזען זיך וואהלגעהן כל זמן מען לעבט, ווארען מארגען קענען מיר שטארבען, וועט פון אונז גאר נישט ווערען. אזעלכע טישען אין דער פסוק מכוה און זאגט אויף זיי „כי כל שלחנות מלאו קיא צואה בלי מקום". דען אלע טישען זייערע זענען פול מיט צואה, בעווייל דעם אויבערשטענס נאמען ווערט דארט נישט גידענקט. אבער דער חכם דארף נישט מעהר עסען ווי איין מאכל אדער צוויי מאכלים, און זאל נאר עסען דערפון אבע ער זאל זיך קענען דערמיט דערנערען, מעהר נישט. אויף אזוי מענש האט שלמה המלך געזאגט „צדיק אוכל לשובע נפשו". דער צדיק עסט נאר אבע אנצוזעטען זיין נפש:

(ב) ווען דער חכם עסט דאס ביסעל עסען וואס ער דארף צו עסען. זאל ער דאס נישט עסען נאר אין זיין וואהנונג ביי זיין טיש. ער זאל נישט עסען אין קיין גיזועלב, און נישט אויף די גאס כדי ער זאל נישט פערכיאוס'ט ווערען ביי מענשען, אויסער אויב ער ברויך זעהר נעהטיג דאס עסען אויף די ערטער, דאן איז דאס עהם נישט פארווערט. אויך דארף זיך דער תלמיד חכם צו היטען ער זאל נישט עסען ביי קיין עם הארץ, און נישט ביי אזעלכע טישען וואס ווערט נישט גידענקט ביים עסען קיין דברי תורה, נאר בלויז ליצנות מיט דברים בטלים. און אפילו מיט חכמים זאל ער אויך נישט צופיעל געפונען זיך אויף אלע ערטער ווי ס'איז נאר א סעודה. דעסט גלייכען אויף אזעלכע סעודות ווי ס'געפינט זיך א גרויסער עולם מענשען (וואס זענען עהם נישט בעקאנט) זאל ער דארט נישט עסען. ער זאל נאר געהן אויף אזעלכע סעודות וואס ווערען אנגערופען סעודת מצוה, דהיינו הנאים אדער א חתונה וואס א תלמיד חכם נעמט א בת תלמיד חכם, און נאך אזוי שטיינער. די צדיקים און די חסידים פון פערצייטענס האבען זיך געפיהרט או זיי האבען קיינמאל נישט גיגעסען ערגעץ אנדערשט פון קיין שום פרעמדע סעודה:

גיטן

**(ג)** כשהחכם שותה יין אינו שותה אלא כדי לשרות אכילה שבמעיו. וכל המשתכר הרי זה חוטא ומגונה ומפסיד חכמתו. ואם נשתכר בפני עמי הארץ הרי זה חילל את השם. ואסור לשתות יין בצהרים ואפילו מעט אלא אם היה בכלל האכילה. שהשתיה שהיא בכלל האכילה אינה משכרת. ואין נזהרין אלא מיין שלאחר המזון:

**(ד)** אף על פי שאשתו של אדם מותרת לו תמיד. ראוי לו לתלמיד חכם שינהיג עצמו בקדושה ולא יהא מצוי אצל אשתו כתרנגול אלא כלילי שבת ללילי שבת אם יש בו כח. וכשהוא מספר עמה לא יספר בתחלת הלילה כשהוא שבע ובמנו מלא. ולא בסוף הלילה כשהוא רעב. אלא באמצע הלילה כשיתעכל המזון שבמעיו. ולא יקל בראשו ביותר. ולא ינבל את פיו בדברי הבאי ואפילו בינו לבינה. הרי הוא אומר בקבלה, מגיד לאדם מה שיחו. אמרו חכמים אפילו שיחה קלה שבין אדם לאשתו עתיד ליתן עליה את הדין. ולא יהיו שניהם לא שיכורים ולא עצלנים ולא עצבנים

---

**(ג)** ווען דער חכם טרינקט וויין זאל ער נאר טרינקען כדי דאס עסען אין מאגען זאל דערווייקט ווערען. דער חכם וואס שיכור'ט זיך אהן, הייסט א חוטא א מנוונה'דיגער מענש, און ער פערליהרט זיין חכמה. און אויב דער חכם שיכור'ט זיך אהן פאר אן עם הארץ איז נאך אויך דא דערביי א חילול השם. א חכם טאהר נישט טרינקען קיין וויין אין מיטען טאג, אפילו ווייניג אויך נישט, אויסער אויב ער טרינקט דאמאלס דאס ביסעל וויין ביים עסען, שאדט נישט. וואראן דער וויין וואס מען טרינקט עהם ביים עסען, מאכט נישט שיכור. מען דארף נאר זיין געווארענט פון דעם וויין וואס מען טרינקט ווען ס'איז שוין אין גאנצען נאך די סעודה:

**(ד)** כאטש די ווייב פון יעדען מענש איז מותר צו איהר מאן אין די ריינע טעג שטענדיג, פון דעסט וועגען איז גלייך אז א תלמיד חכם זאל זיך פיהרען בקדושה, און ער זאל זיך נישט געפינען צופיעל ביי זיין ווייב אזוי ווי א האהן. נאר אלע ליל שבת, אויב ער האט כח. און דאס צוזאמען זיין זאל נישט זיין התחלת הלילה, ווען ער איז גוט זאט און דער בויך איז זעהר פול. און נישט סוף נאכט, ווען ער איז הונגעריג. נאר אין דער מיט נאכט, ווען דאס עסען ווערט פערדייעט אין די גידערים. אויך זאל ער דאס נישט טוהן מיט צופיל קלות ראש, און זאל נישט פעראומרייניגען זיין מויל מיט מיאוסע און געמיינע רייד. מען דארף גידענקען וואס שטעהט אין פסוק ,מגיד לאדם מה שיחו" מען זאגט אין הימעל דעם מענש וואס זיין שמיס איז געוועזן. האבען די חכמים אויף דעם געזאגט, אז אפילו אויף די געמיינע און מיאוסע רייד, וואס זענען צווישען מאן און ווייב, ווערט אויך דער מענש ג'משפט אויף יענער וועלט. אויך דארפען ביידע דאמאלס נישט צו זיין קיין

עצבנים ולא אחד מהן. ולא תהיה ישינה. ולא יאנוס אותה והיא אינה רוצה. אלא ברצון שניהם ובשמחתם. יספר וישחק מעט עמה כדי שתתישב נפשה. ויבעול בבושה ולא בעזות. ויפרוש מיד:

(ה) כל הנוהג מנהג זה. לא די לו שקדש נפשו וטהר עצמו ותקן דעותיו. אלא שאם היו לו בנים יהיו נאים וביישנים ראוין לחכמה ולחסידות. וכל הנוהג במנהגות שאר העם ההולכים בחשך יהיו לו בנים כמו אותו העם:

(ו) צניעות גדולה נוהגים תלמידי חכמים בעצמן. לא יתבזו ולא יתגלו ראשן ולא גופן. ואפילו בשעה שיכנס לבית הכסא יהא צנוע ולא יגלה בגדיו עד שישב. ולא יקנח בימין. ויתרחק מכל אדם. ויכנס חדר לפנים מחדר. מערה לפנים מן המערה ונפנה. ואם נפנה אחורי הגדר יתרחק כדי שלא ישמע חבירו קולו אם נתעטש. ואם נפנה בבקעה ירחיק כדי שלא יראה חבירו פירועו. ולא ידבר כשהוא נפנה. אפילו לצורך גדול. וכדרך שנוהג צניעות ביום בבית הכסא. כך נוהג בלילה. ולעולם ילמד

---

קיין שיכורים, נישט קיין פוילע, און נישט קיין טרויריגע, נישט ווען זי שלאפט, און נישט ווען זי וויל נישט. נאר עס דארף זיין מיט דעם רצון פון ביידע און זאלען ביידע זיין בשמחה. דעפויר זאל ער מיט איהר ווענען דעם ריידען עהרעלע ווערטער און זאל זי מאכען פריילעך, כדי זי זאל באשטעהן. דאן זאל ער זי בועל זיין מיט בושה און נישט מיט קיין עזות, און זאל זיך דערנאך באלד פורש זיין:

(ה) דער וואס פיהרט זיך מיט אזא מנהג. איז נישט גענוג וואס ער איז זיך מקדש ומטהר זיין נפש און פאררעכט זיינע דעות, נאר דאס אויך אז די קינדער וואס ער וועט געבארען וועלען זיין שעהן און שעמעוודיג, חכמים און חסידים. אבער דער וואס פיהרט זיך מיט דעם מנהג פון נידריגען און פינסטערן פאלק, וועט געבארען אזעלכע קינדער אזוי ווי דאס נידריגע פאלק איז:

(ו) דער תלמיד חכם דארף זיך פיהרען מיט א מנהג פון גרויס צניעות, אזוי אז ער זאל זיך אליין נישט מבזה זיין. ער זאל נישט זיצען בגילוי ראש, אדער מיט אן אויפגידעקט לייב. און אפילו ווען ער געהט אריין אין בית הכסא זאל ער זיך אויך פיהרען בצניעות און זאל זיך נישט אויפדעקען זיין לייב ביז ער זעצט זיך אנידער. ער זאל זיך נישט מקנח זיין מיט דער רעכטער האנד און אויב ער האט נקיות אויף א פעלד, זאל ער זעהן ווי ווייט מעגליך איז צו בעהאלטען זיך און צו דערווייטערען זיך פון מענשען. אזוי אז קיין אנדערער מענש זאל נישט קאנען הערען ווען ער ברויך נקיות, און קיינער זאל נישט קאנען זעהן זיין אויפגידעקט לייב. בשעת ווען ער ברויך נקיות זאל ער נאר נישט ריידען צו קיין שום מענש. מיט אזא צניעות זאל

ילמד אדם עצמו להפנות שחרית וערבית בלבד כדי שלא יתרחק:

**(ז)** תלמיד חכם לא יהא צועק וצווח בשעת דיבורו כבהמות וחיות. ולא יגביה קולו ביותר. אלא דבורו בנחת עם כל הבריות. וכשידבר בנחת יזהר שלא יתרחק עד שיראה כדברי גסי הרוח. ומקדים שלום לכל האדם. כדי שתהא רוחן נוחה הימנו. ודן את כל האדם לכף זכות. מספר בשבח חבירו ולא בגנותו כלל. אוהב שלום ורודף שלום. אם רואה שדבריו מועילים ונשמעים אומר. ואם לאו שותק. כיצד. לא ירצה חבירו בשעת כעסו. ולא ישאל לו על נדרו בשעה שנדר. עד שתתקרר דעתו וינוח. ולא ינחמנו בשעה שמתו מוטל לפניו. מפני שהוא בהול עד שיקברהו. וכן כיוצא באלו. ולא יראה לחבירו בשעת קלקלתו. אלא יעלים עיניו ממנו. ולא ישנה בדבורו. ולא יוסיף ולא יגרע אלא בדברי שלום. וכיוצא בהן. כללו של דבר אינו מדבר אלא בדברי חכמה או בגמילות חסדים. וכיוצא בהן. ולא יספר עם אשה בשוק. ואפילו היא אשתו או אחותו או בתו:

לא

---

זאָל ער זיך פיהרען סיי בייטאָג און סיי ביינאַכט:

**(ז)** דער תלמיד חכם בשעת ווען ער רעדט מיט אַ מענש זאָל ער נישט קוויטשען, שרייען, אַזוי ווי בהמות און חיות, און אפילו נאָר בלויז צו הויך ריידען זאָל ער אויך נישט, נאָר ער זאָל ריידען פּאַמעלעך, געלאַסענט, און אויך נישט צופיעל פּאַמעלעך, אַזוי ווי די בעלי גאוות האָבען ליעב צו ריידען, נאָר מיטעלמעסיג. ער זאָל זיך פערערען צו בעגריסען יעדען מענש, כדי ער זאָל זיין ביי יעדען געליבט, און ער זאָל דן זיין יעדען מענש לכף זכות. ער זאָל נאָר דערצעהלען דעם שבח פון זיין חבר, אָבער נישט זיין שאַנדע. ער זאָל ליעב האָבען שלום און זאָל זיין אַ רודף שלום, ער זאָל נישט ריידען קיין אומזיסטע רייד, נאָר אויב ער זעהט אַז ער וועט פּועל זיין מיט זיינע רייד און מען וועט עהם פאָלגען, דאַן זאָל ער ריידען, און אויב נישט, זאָל ער בעסער שטיל שווייגען. דהיינו ער זאָל נישט איבערבעטען זיין חבר בשעת ווען ער איז אין כעס. ער זאָל נישט וועלען מתיר נדר זיין צו אַ מענש באַלד בשעת ווען ער האָט דעם נדר געטוהן, נאָר ער זאָל וואַרטען ביז יענעמס דעה וועט קיהלער ווערען. ער זאָל נישט מנחם אבל זיין בשעת ווען דער מת ליגט נאָך פאַר עהם, און אַזוי דאָס זעלבע ביי אַנדערע ענינים. ער זאָל נישט אָנקוקען זיין חבר'ס פנים באַלד נאָך דעם וואָס זיין חבר האָט געזינדענט, כדי ער זאָל עהם נישט מבייש זיין. אויך זאָל ער זיין געוואָרענט קיינמאָל נישט משנה צו זיין זיינע דיבורים, און אויך נישט מוסיף צו זיין אָדער צו מינערען פון יענעמס דיבורים, אויסער אויב ער טהוט דאָס צוליעב שלום וועגען, שאַט נישט. דער כלל פון דער זאַך איז אַז

דער

(ה) לא ילך תלמיד חכם בקומה זקופה וגרון נטוי. כענין שנאמר ותלכנה נטויות גרון ומשקרות עינים. ולא יהלך עקב בצד גודל בנחת. כמו הנשים וגסי הרוח. כענין שנאמר הלוך וטפוף תלכנה וברגליהם תעכסנה. ולא ירוץ ברשות הרבים כמנהג משוגעים. ולא יכפוף קומתו כבעלי חטוטרת. אלא מסתכל למטה כמו שהוא עומד בתפלה. ומהלך בשוק כאדם שהוא טרוד בעסקיו; גם ממהלכו של אדם ניכר אם חכם ובעל דעה הוא. או שוטה וסכל. וכן אמר שלמה בחכמתו. וגם בדרך כשהסכל הולך לבו חסר ואמר לכל סכל הוא. הוא מודיע לכל על עצמו שהוא סכל:

(ט) מלבוש תלמיד חכם מלבוש נאה ונקי. ואסור לו שימצא בבגדו כתם או שמנונית וכיוצא בהן. ולא ילבש לא מלבוש מלכים. כגון בגדי זהב וארגמן שהכל מסתכלין בהן. ולא מלבוש עניים שהוא מבזה את לובשיו. אלא בגדים בינונים נאים. ולא יהא בשרו נראה מתחת מדיו.

כמו

---

דער תלמיד חכם זאל נישט רעדען קיין דברים בטלים, נאר ער זאל שטענדיג רעדען אדער דברי חכמה אדער וועגען גמילות חסדים און נאך אזא שטיינער. מיט קיין אשה זאל ער נישט רעדען אין גאס, אפילו זי איז זיין ווייב אדער זיין שוועסטער אדער זיין טאכטער:

(ח) דער תלמיד חכם זאל נישט געהן שטאלציג צופיעל מיט'ן קאפ ארויף. און זאל נישט געהן צופיעל פאמעלעך טריט פאר טריט, אזוי ווי די שטאלצינגע פרויען שפאצירען איבער די גאס, און אויך זאל ער נישט געהן צו געך און לויפען איבער די גאס אזוי ווי א משוגע־נער, און נישט צופיעל איינגעבויגען מיט'ן קאפ אראב, פערהויקערט, נאר ער זאל זיך האלטען מיט'ן קערפער גלייך, און די אויגען זאלען זיין אראבגעלאזט, אזוי ווי ער שטעהט ביים דאווינען, און דער גאנג זאל זיין אזוי ווי פון א מענש וואס איז פערנומען מיט געשעפטען. ווארען אויך פון דעם מענשס גאנג קאן מען דערקאנען צו איז ער א חכם און א בעל דעה, אדער א שוטה און א פערדומטער מענש. אויף דעם האט שלמה המלך געזאגט מיט זיין חכמה דעם פסוק „וגם בדרך כשהסכל הולך לבו חסר ואמר לכל סכל הוא“. אויך אויפ'ן וועג ווי דער שוטה געהט, איז ער אזוי ווי אן א הארץ, און ער זאגט צו אלע אז ער איז א שוטה. דאס מיינט מען אז א נאר דארף קיין מסור נישט. ווארען מיט זיין בלויסען גאנג איז ער אויך שוין מודיע צו אלע, אז ער איז א שוטה:

(ט) דער תלמיד חכם דארף געהן געקליי־דעט אין שעהנע ריינע מלבושים, עס טאהר זיך נישט געפינען אויף זיין מלבוש קיין שום פלעק. ער זאל נישט געהן געקלייערעט אין צו טייערע מלבושים אזוי ווי בגדי מלכות באדעקט מיט גאלד, וואס אלע האבען ליעב אויף דעם צו קוקען, און אויך זאל ער נישט אנטוהן זיך קיין צו געמיינע מלבושים אזוי ווי די ארימעלייט געהן. וואס די מלבושים

זיינען

כמו בגדי הפשתן הקלים ביותר שעושים במצרים. ולא יהיו בגדיו סחובין על הארץ כמו בגדי גסי הרוח. אלא עד עקבו. ובית יד שלו עד ראשי אצבעותיו. ולא ישלשל טליתו מפני שנראה כגסות הרוח. אלא בשבת בלבד אם אין לו להחליף. ולא ינעל מנעלים מטולאים טלאי על גבי טלאי בימות החמה. אבל בימות הגשמים מותר אם היה עני. לא יצא מבושם לשוק ולא בבגדים מבושמים. ולא ישים בושם בשערו. אבל אם משח בשרו בבושם כדי להעביר את הזוהמא מותר. וכן לא יצא יחידי בלילה. אלא א"כ היה לו זמן קבוע לצאת בו לתלמודו. כל אלו מפני החשד:

(י) תלמיד חכם מכלכל דבריו במשפט. אוכל ושותה וזן את אנשי ביתו כפי ממונו והצלחתו. ולא יטריח על עצמו יותר מדאי. צוו חכמים

בדרך

---

זענען מבוזה דעם מענש, נאר ער זאל געהן געקליידעט אין שעהנע מיטעלע מלבושים. די מלבושים זאלען נישט זיין פון זעהר דינעם שטאף, וואס מען זעהט אדורך דאס לייב פון מענש. די מלבושים זאלען ניכט זיין צו לאנגע, וואס שלעפען זיך נאך אויף די ערד, אזוי ווי די שטאלצינע מענשען געהן, נאר זאלען גרייכען ביז נאך די קנעכלעך פון די פיס, און די ארבעל זאלען גרייכען ביז דעם ארט וואס די פינגער הויבען אהן ארויס צו וואקסען. דאס אויבערשטע מלבוש, וואס ער הילט זיך דערמיט ארום אויף די מלבושים, זאל נישט זיין אראבגעלאזט ביז צו די ערד, ווארען עס זעהט אויס ווי א גרויסקייט. אויסער שבת אויב ער האט נישט איבער צו טוישען די הינטערשטע מלבושים, מעג ער אראבלאזען דאס אויסענוועניגסטע מלבוש, ווערלכעס דינט פאר אן אומהילע, כדי מען זאל נישט ארויסזעהן אז ער געהט שבת אין די זעלבע מלבושים וואס אין די וואכען. זומער צייט זאל דער תלמיד חכם נישט געהן אנגעטוהן אין געלאטעשעטע שיך, א לאטע אויף לאטע. נאר ווינטער צייט אויב ער איז אן ארימאן מעג ער געהן אין אזעלכע געלאטשעטע שיך. דער תלמיד חכם זאל זיך נישט שמירען מיט קיין בשמים, דעסט גלייכען זאל ער נישט ארויסגעהן געקליידעט אין אזעלכע מלבושים וואס זענען מיט בשמים. אויב ער שמירט זיך אוים מיט דעם וואס האט א גוטען געשמאק נאר כדי עס זאל פון עהם אראבנעמען דעם ברוט פון לייב, מעג ער. ביינאכט זאל דער תלמיד חכם נישט ארויסגעהן אליין, אויסער אויב ער האט אלע נאכט אן אויסגעזעצטע שעה וואס ער געהט לערנען מיט זיינע תלמידים, מעג ער. דאס אלץ איז כדי מען זאל עהם נישט הושד זיין אז ער געהט ערגיץ אן עבירה טוהן:

(י) דער תלמיד חכם דארף לעבען שפארזאם, נישט צו פיהרען זיך צו ברייט, נאר ער זאל מפרנס זיין דאס בני בית לויט זיין פארמעג און לויט זיינע פערדינסטען, אזוי אז ער זאל

נישט

בדרך ארץ שלא יאכל אדם בשר אלא לתיאבון. שנאמר כי תאוה נפשך לאכול בשר. דיו לבריא לאכול בשר מערב שבת לערב שבת. ואם היה עשיר כדי לאכול בשר בכל יום. אוכל. צוו חכמים ואמרו. לעולם יאכל אדם פחות מן הראוי לו לפי ממונו. וילבש כראוי לו. ויכבד אשתו ובניו יותר מן הראוי לו.

דרך

---

נישט נעמען אויף זיך קיין צו גרויסען עול. די חכמים האבען אונז געלערענט דרך־ארץ, אז נאר א עושר מעג זיך פערגינען צו עסען אלע טאג פליישׁ, אבער דער וואס איז קיין עושר נישט, אויב ער איז נאר געזונד און איז א בעל כח, איז גלייכער ער זאל זיך באגעהן אין די וואכענס־טעג אהן פליישׁ, און נאר משבת לשבת זאל ער עסען פליישׁ. נאך האבען אונז די חכמים געלערענט דרך־ארץ, אז עסען זאל דער מענש ווייניגער ווי לויט זיין פארמעגען איז. קליידען זאל מען זיך לויט דעם פארמעגען. אבער די ווייב און קינדער זאל מען מכבד זיין מעהר ווי לויט זיין פארמעגען;

(ביי דעם סימן איז כדאי זיך אבצושטעלען און צו בעשיידען דעם רמב"ם'ס מיינונג, פאר וואס ער האט אזוי באגרעניצט די תלמידי חכמים מיט ווייניג עסען. אויסער אנדערע בעהאלטענע טעמים איז נאך דא א וויכטיגע אורזאכע צו דעם בעגרענעצקייט, כדי די תלמידי חכמים זאלען נישט קראנק ווערען אויף דיקקייט. ווארען צוליעב דעם וואס זיי האבען ווייניג באוועגונג נאר זיי זיצען שטענדיג אויף איין ארט, אלזא אויב זיי וועלען נאך דערצו פיעל עסען אין אויך גוטע און פעטע שפייזען איז גאנץ לייכט זיי זאלען קראנק ווערען אויף דיקקייט. די קראנקהייט איז דאס וואס די שמאלץ אונטער די הויט איז צופיעל ענטוויקעלט, און עס נעפינט זיך דארט שמאלץ אין אזעלכע ערטער וואס ביי געוועהנליכע בעדינגונגען וואלט זי דארט נישט נעדארפט זיין.

סבות, וועלכע רופען ארויס דיקקייט איז דא פיעל. זיי קאן מען איינטיילען אין צווייערליי: ארגאנישע און צופעליגע. צווישען די ארגאנישע סבות איז דאס ערשטע „ירושה". דאס הייסט א פאמיליען־נאטירליכקייט. נאכהער איז די עלטער. אין די צופעליגע סבות זענען: אונמעסיגקייט אין עסען, צופיעל טרינקען ספירט־משקאות, און ווייניג קערפערליכע בעוועגונגען. דער מענש וואס עסט צופיעל און בעוועגט זיך ווייניג, דער קאן דיק ווערען אפילו אויב ער האט נישט אין זיך די דערמאנטע ארגאנישע אורזאכען.

ביי דיקע מענשען קומט פאר די מארך־ארבייט זעהר לאנגזאם, וועלכעס ברענגט דעם קערפער צוקראכענהייט און פוילקייט, און על פי רוב איז דער מענש שלעפערדיג. דאס אלעס קאן גאנץ לייכט ארויסרופען פערשיעדענע קראנקהייטען. דאס אהטעמען ווערט שווער און אפטער, איבערהויפט בשעת ער בעוועגט זיך. עס ליידען אויך גלייכצייטיג דאס הארץ און די ארגאנען פון בלוט־פערקעהר. עס קומט פאר אפט א שטארק הארץ־קלאפענג און א דריקונג אין הארצען.

בגונע

**(יא)** **דרך** בעלי דעה שיקבע לו לאדם מלאכה המפרנסת אותו תחילה. **ואחר** כך יקנה בית דירה. ואחר כך ישא אשה. שנאמר מי האיש **אשר** נטע כרם ולא חללו. מי האיש אשר בנה בית חדש ולא חנכו. מי **האיש** אשר ארש אשה ולא לקחה. אבל הטפשין מתחילין לישא אשה. **ואחר** כך אם תמצא ידו יקנה בית. ואחר כך בסוף ימיו יחזור לבקש

**אומנות**

---

בנוגע צום אויסהײלען די קראַנקהײט קאָן מען זאָגען, אַז אין יענע פאַלען וואָס די דיקקײט איז געקומען פון צו גרויס לעבען און ווייניג קערפּער־ליכע בעוועגונגען, קאָן מען זיך גרינג אויסהײלען. דאָרט אָבער ווי דאָס איז געקומען בירושה, איז שוין נישט אַזוי גרינג צו ערוואַרטען אַ פערבעסערונג.

איבערגעהענדיג איצט צו די מיטלען, וועלכע מען דאַרף אָננעמען מאָגע־רער צו ווערען, דאַרפען מיר אָנווײַזען אויף רעגולירען דאָס עסען אַלס אײנס פון די נויטיגסטע און וויכטיגסטע מיטלען, אַזוי ווי דער־רמב"ם האָט אין דעם סימן געשריבען. ווען עס קומט דער אַפּעטיט, זאָל מען אויסטרינקען אַ גלאָז טהע אָדער קאַפע, דערמיט וועט דער אָרגאַניזם אַביסעל זאַט ווערען און דער אַפּעטיט צו עסען וועט אַוועקגעהן. אין דורך דעם וועט שוין דער קערפּער זיך צופרידען שטעלען מיט אַ קלענערע פּאָרציע שפּײַז. שיטערע שפּײַזען איז פאַר דיקע מענשען מעהר צוועקמעסיג ווי האַרטע און שווערע שפּײַזען. קאַקאַאָ, שאָקאָלאַד און אַלע אַלכאָהאָל־געטראַנקען איז שעדליך פאַר דיקע מענשען. מעסיגע גימנאַסטיק אָדער אַנדערע קערפּערליכע בעוועגונגען, שפּאַ־צירען אויף די לופט, קאַלטע וואַנעס און דושען (פרישניצעס) דאָס אַלץ נעמט אַראָב דאָס דיקקײט פון קערפּער.

פּראָפעסאָר „ערטעל" האָט פאָרגעלעגט אַ מעטאָדע, וועלכע הײסט אי־בערהויפּט געהן אַ סך אויף אַ גלײַכען אָרט אָדער קריכען אויף בערג און ווייניג טרינקען. פּראָפעסאָר הירשפעלד הײסט איבערהויפּט עסען מאָגערע פלײשען, נישט קײן פעטען קעז. אײער און גרינוואַרג איז יאָ גוט, ווײַל זײ מאַכען זאַט מיט קלײנע פּאָרציעס. ברויט הײסט ער ווייניג עסען. מילך, שמאַלץ, צוקער, ביער פערזאָגט ער לחלוטין. אַ גוט הײלונגס־מיטעל זענען אויך מינעראַל־וואַססערען. אַזוי ווי מאַריענבאַד, קאַרלסבאַד, קיסינגען און עסענטוקי אויף קאַויקאַז.

**(יא)** דער דרך פון קלוגע מענשען דאַרף אַזוי זײַן. אַז דיפויר זאָל מען זיך איינזעהן אַ קוועלע פון וואַנעט צו ציהן פרנסה. אָבער אַ מלאכה אָדער אַ משא ומתן. דערנאָך זאָל מען זעהן צו האָבען אַ דירה, און דאַן זאָל מען חתונה האָבען. אַזוי ווי דער פּסוק רעכענט אויס בסדר דיפויר „מי האיש אשר נטע כרם ולא חללו. מי האיש אשר בנה בית חדש ולא חנכו". דערנאָך שטעהט הערשט „מי האיש אשר ארש אשה ולא לקחה". אָבער די נאַראָנעם טהון פאַרקערט. קודם האָבען זײ חתונה, דערנאָך הויבען זײ הערשט אָהן צו זוכען אַ שטעלע אויף פרנסה. און אויב זײ זענען נישט מצליח און פערלירען זײער ביסעל געלד, דאַן

הויבען

**אומנות או יתפרנס מן הצדקה. וכן הוא אומר בקללות, אשה תארש. בית תבנה. כרם תטע. כלומר יהיו מעשיך הפוכין כדי שלא תצליח את דרכיך. ובברכה הוא אומר ויהי דוד לכל דרכיו משכיל וה' עמו:**

ואסור

---

הויבען זיי זיך הערשט אהן צו לערנען א מלאכה, אדער זיי פערלענגען זיך מפרנס צו זיין זיך פון צדקה. אט דאס איז די קללה פון די תוכחה וואס דארט שטעהט דיפייר „אשה תארש" און דערנאך שטעהט „בית תבנה, כרם תטע". דאס איז א רמז אויף א בעזונדערע קללה, אז דורך די זינד וועלען די מענשען פערלירען דעם גלייבען שכל, און זיי וועלען זיך פיהרען פונקט פארקערט ווי א מענש דארף זיך פיהרען, דורך וועלכען זיי וועלען נישט מצליח זיין און וועלען האבען כל ימיהם פערדרייטע קעפ. אבער ביי דוד המלך שטעהט אזא ברכה. „ויהי דוד לכל דרכיו משכיל וה' עמו". אז אלע וועגען וואס דוד המלך איז געגאנגען טהון, האט ער דיפויר מיט שכל גוט איבערגערעכענט צו קאן זיין אזוי אויסהאלטעפדונג, און דורך דעם איז דער אויבערשטער געוועזען שטענדיג מיט עהם:

(הא! זעהט מען בולט אז דער רמב"ם האט נאך מיט זיבען הונדערט יאהר צוריק געזעהן דעם גרויסען חורבן פון די אידען אין גלות, וועלכער שטאמט ארויס פון דעם נארישען מנהג חתונה צו מאכען די זיהן אין די יונגע יאהרען, וועלכעס איז כמעט די גרעסטע אורזאכע פון מיזערנדער עניים ואביונים, אין פון מיזערנדער פאמיליעס וואס זייער לעבען איז צושטערט אין צוברעקעלט אין פערביטערט כל ימיהם. לאז מען נאר ווארפען א בליק אויף דעם לעבען פון דער פראווינץ, ווי דער משוגענער מנהג האלט זיך שטארקער ווי אין די גרויסע שטעדט, וואס פאר א חורבן און אומגליקען דאס ברענגט. ראשית איז נאך דער יונגערמאן אזוי ווי א יונגעל מיט ווייניג פערשטאנד, ער האט נאך נישט קיין שום בעגריף, וואס מען מיינט עול פרנסה. ביי דעם ווערט געבארען עטליכע קינדערלעך ביז ער דארף שטעהן צום פריזיוו. און פאר דעם פריזיוו קאן מען דאך נישט מאכען זיך קיין פעסטען האנדעל, מוז דער יונגערמאן דערווייל עסען „נהמא דכסופא" וועלכעס רופט זיך „קעסט". ער מוז דערווייל רייסען אין צופען אביסעל פון טאטען, אביסעל פון שווער. און ווי געוועהנליך קיין מחלוקת'ן פעהלט נישט ביי דעם רייסען און ציפען. רוקט אן דער פריזיוו. אויב דער יונגערמאן פאלט אריין פאר א זעלנער, בלייבט אין דערהיים איבער א ווייב מיט דריי אדער פיער קליינע קינדערלעך, זינדיגע נשמה'לעך, פון וועלכע ס'ווערט א תל.

אז דער יונגערמאן קומט אהיים פון די זעלנער. האט ער זיך נישט צו וואס צו נעמען. דא ליגט שוין אויף זיינע פלייצעס א שוואך ווייב מיט אויסגעדארטע שוואכע קערער, קיים וואס זיי לעבען. דער יונגער מאן קאן נישט צו קוקען זייערע צרות, בעווייל ער האט נישט פון וואס זיי מפרנס צו זיין, און ווי געוועהנליך ביי די זעלנער איז דער יונגער מאן אביסעל פרייער געווארען. איז ער זיך מישב, וואס וועט דא זיין דער תכלית זיינער אין דעם קליי־

נעם

נעם שמערטעל, פערקויפט ער כל אשר לו. עטליכע רובעל לאזט ער איבער פאר די ווייב און קינדער, זאלען חאטש האבען איין וואך איבער צולעבען. דערוויל איז איבער דערצייט, ווי געוועהנליך, צו געקומען נאך א קליין קינד נאך א זינדיג נשמה'לע, וועלכעס האט נאך פארגרעסערט די צרות פון דער פאמיליע. דער טאטע געזעגענט זיך נעבעך מיט טרערען, און אמאל געזעגענט ער זיך אפילו גאר נישט, ער פאהרט אוועק אין א גרויסע שטאדט זוכען ברויט.

דארט הויבט ער זיך העדשט אהן צו לערנען א מלאכה. געהט אוועק א לאנגע צייט איידער ער קאן פערדינען א רובעל. דאס ווייב מיט די קינדער שטארבען דערוויל אין דערהיים פאר הונגער. די יונגלעך ווערען שוין אלט צוועלף, דרייצעהן יאהר, אויפגעוואקסען אהן תורה, אהן חכמה, אהן מלאכה, זייערע דעות זענען הפקר, פריי. מען פערשטעהט שוין אליין וואס קאן ווערען פון אזעלכע דורות. דערוויל מאכט זיך נאר א נייע צרה. דער טאטע באקענט זיך אין די גרויסע שטאדט מיט גוטע ברודער און גוטע שוועסטער. ער ווערט נאך מעהר פריינעזאנען, און מאכט זיך גאר אינגאנצען פארגעסען פון זיין ארימע הויזגעזונד. די נייע חברים מיט די חבר'טעס רעדען עהם איין ער זאל בעסער נאך אויסלאנד פאהרען. דארט, פערשטעהט זיך, ווערט ער גאר אן אנדערער מענש, א רעספעקטאבעל הייסט עס. אז ער איז א גוטער שיקט ער דעם ווייב א גט, און אויב נישט, בלייבט זי אן אייביגע עגונה, און די קינדער לעבעדיגע יתומים.

אט אזעלכע פאקטען איז מעשים בכל יום, און דאס איז שוין גאר נישט קיין אויסנאם. ווען מען וואלט אבער געפאלגט די היילינגע און קלינע ווערטער פון רמב"ם, וואלט מען דאך צו אזעלכע צרות נישט געקומען. די צרות טרעפען זיך אממיינסטענס אין די פוילישע קליינע שטעדטלעך, ווי די אידען געדענקען נאך פון פערצייטענס מיט הונדערט יאהר צוריק, באשר אז זייערע עלטערן האבען זיך אזוי געפיהרט, חתונה צו מאכען די זעהן יונגערהייט. אבער ווי פערנארט זענען זיי מיט די מיינונג, זיי רעכענען נאר נישט איבער, אז מיט הונדערט יאהר צוריק, ווען פוילען איז געוועזן פאר זיך א בעזונדער קעניגרייך. די פריצים האבען מושל געוועזן אין גאנצען לאנד. די אדונים האבען ליעב געהאט צו הולטייען, זייערע געשעפטען האבען זיך נאר געפיהרט דורך דעם ביסעל אידלעך, וואס אין זייערע הענד איז איינגעשטאנען דער גאנצער האנדעל. ווער ס'האט נישט געהאנדעלט איז געוועזן א "פאקטאר" (מעקלער), קיין פרנסה האט נישט געפעהלט, צו דעם פערצייטישען האנדעל האט מען נישט געדארפט זיין קיין גרויסער הכם. איז אלזא דאמאלס קעסט צו געבען א פאר פאלק ניט געוועזן קיין שווער עסק. פון קיין פריזיוה האבען זיי אויך דאמאלס נישט געוויסט. דאדורך איז אין יענע יאהרען גאנץ גלייך און גאנץ אידיש געוועזן חתונה צו מאכען די זעהן יונגעהייט. און אפילו היינט ביי די גרויסע רייכע פאמעליעס איז אזא מנהג נישט אויסטערליש. אבער עס זאל היינט עקזיסטירען אזא מנהג נישט ביי קיין גרויסע רייכע פאמיליעס, איז עס אריין משוגעת און א קוועללע פון פערשידענע צרות. עס איז פארקעהרט ווי די תורה שרייבט, און פארקעהרט ווי דער שכל הישר איז. דאס איז נישט אנדערש נאר אזוי ווי דער רמב"ם שרייבט דא, אז דאס איז א קללה פון די

(יב) ואסור לו לאדם להפקיר או להקדיש כל נכסיו ויטריח על הבריות. ולא ימכור שדה ויקנה בית. ולא בית ויקנה מטלטלין או יעשה סחורה בדמי ביתו. אבל מוכר הוא מטלטלין וקונה שדה. כללו של דבר ישים מגמתו להצליח נכסיו ולהחליף הכלה בקיים. ולא תהיה כוונתו ליהנות מעט לפי שעה. או ליהנות מעט ויפסיד הרבה:

(יג) משאו ומתנו של תלמיד חכם באמת ובאמונה. אומר על לאו לאו ועל הן הן. מדקדק על עצמו בחשבון. ונותן ומוותר לאחרים כשיקח מהם ולא ידקדק עליהם. ונותן דמי המקח לאלתר. ואינו נעשה לא ערב ולא קבלן. ולא יבוא בהרשאה. (אינו) מחייב עצמו בדברי מקח וממכר במקום שלא חייבה אותו התורה. כדי שיעמוד בדבורו ולא ישנהו. ואם נתחייבו לו אחרים בדין מאריך ומוחל להם ומלוה וחונן. ולא ירד לתוך אומנות חבירו. ולא יצר לאדם לעולם בחייו. כללו של דבר יהיה

מן

---

תוכחה. עס איז אָבער שוין צייט די אויגען זאָלען גיעפענט ווערען, און מען זאָל נישט בויען קיין שווערע בנינים אויף א פונדאמענט פון שפינוועבעכץ.

(יב) דער מענש טאָר נישט מפקיר זיין אָדער מקדיש זיין דאָס גאנצע פארמעגען און זאָל זיך פארלעגען אויף מענשען. מען זאָל נישט פערקויפען קיין פעלד, צו קויפען דעפאר א הויז. דעסט גלייכען זאָל מען נישט פערקויפען קיין הויז, צו קויפען דעפאר חפצים אָדער סחורה. אָבער פארקעהרט דארף מען יא טהון, צו פערקויפען חפצים און צו קויפען פאר זיי א פעלד אָדער א הויז. דאָס איז דער כלל, מען זאָל שטענדיג אויסטוישען דאָס וואָס האָט נישט קיין לאנגען קיום אויף אזא זאך וואָס האָט יא א לאנגען קיום. מען זאָל נישט צו ציהן זיך צו א הנאה וואָס איז נאָר לפי שעה, דורך וועלכען מען קאָן דערנאָך פיעל היזק האָבען:

(יג) דער משא ומתן פון תלמיד חכם דארף זיין שטרענג ערליך. דאָס וואָס ער זאָגט יאָ, זאָל זיין באמת יאָ. און דאָס וואָס ער זאָגט אז נישט, זאָל זיין באמת נישט. ער דארף אויף זיך גום מדקדק צו זיין אין יעדען חשבון. אז ער קויפט עפעס ביי עמעצען, זאָל ער זיך נישט צופיעל דינגען, נאָר ער זאָל געבען יענעם צו פערדינען. פאר דעם מקח וואָס ער קויפט זאָל ער באלד בעצאָלען. ער זאָל אויסמיידען נישט צו זיין קיין ערב, נישט קיין קבלן, נישט קיין מורשה. ער דארף זיך אין משא ומתן מחייב צו זיין עפעס מעהר לויט ווי עס קומט פון עהם על פי דין תורה, אבער כדי ער זאָל נישט משנה זיין דאָס וואָרט וואָס ער האָט צוגעזאָגט. אויב אנדערע זיינען עם שולדיג על פי דין, זאָל ער פון דעסטוועגען דאָך מיט זיי מיטיב זיין וואָס נאָר מעגליך איז. ער זאָל נישט אריין קריכען אין יענעמס געשעפט אריין, און ער זאָל קיין מענש נישט קוועהלען ביי זיין לעבען. דער כלל איז ער זאָל

בעסער

מן הנרדפים ולא מן הרודפים. מן הנעלבים ולא מן העולבים. ואדם שעושה כל המעשים האלו וכיוצא בהן. עליו הכתוב אומר. ויאמר לי עבדי אתה ישראל אשר בך אתפאר:

# פרק ששי

## פרק הששי והשביעי ילמדו דרך ארץ לכל אדם איך להתנהג בעניני התחברות עם אנשים.

(א) דרך ברייתו של אדם להיות נמשך בדעותיו ובמעשיו אחר ריעיו וחביריו ונוהג כמנהג אנשי מדינתו. לפיכך צריך אדם להתחבר לצדיקים ולישב אצל החכמים תמיד כדי שילמוד ממעשיהם. ויתרחק מן הרשעים ההולכים בחשך כדי שלא ילמוד ממעשיהם. הוא ששלמה אומר הולך את חכמים יחכם ורועה כסילים ירוע. ואומר אשרי האיש אשר לא הלך

---

בעסער זײַן פון די נרדפים, איידער פון די רודפים. פון די וואָס ווערען פאַרשעהמט, איידער ער זאָל אַנדערע פאַרשעהמען. דער מענש וואָס פיהרט זיך אַזוי, זאָגט אויף עם דער פסוק „ויאמר לי עבדי אתה ישראל אשר בך אתפאר". דער אויבערשטער זאָגט אויף עהם, די ביזט מײַן קנעכט, און די ביזט אזא איד וואָס איך באריהם זיך מיט דיר:

# פרק ששי

## זעקסטער און זיבענטער פרקן לערענט דרך ארץ יעדען מענש ווי אַזוי ער דאַרף זיך פיהרען וועגען געזעלשאַפט.

(א) דרך ברייתו של אדם. די טבע פון יעדען מענש איז, ער זאָל ווערען צו געצויגען מיט זײַנע דעות און מיט זײַנע מעשים נאָך זײַנע חברים און גוטע פרײַנד, ער זאָל זיך פיהרען מיט דעם זעלבען מנהג אַזוי ווי די מענשען פון דער מדינה פיהרען זיך, אלזאָ דאַרף דער מענש זיך מתחבר זײַן צו צדיקים און זיצען עפטער נעבען חכמים, כדי ער זאָל זיך אָב לערנען פון זײַערע מעשים. אָבער פון רשעים וואָס געהן אין פינצטערניש דאַרף מען זיך שטאַרק דערווײַטערען, כדי מען זאָל זיך נישט אָב לערנען פון זײַערע שלעכטע מעשים. אַזוי ווי שלמה המלך האָט געזאָגט „הולך את חכמים יחכם. ורועה כסילים ירוע". דער וואָס

הלך בעצת רשעים וגו'. וכן אם היה במדינה שמנהגותיה רעים ואין אנשיה הולכים בדרך ישרה. ילך למקום שאנשיה צדיקים ונוהגים בדרך טובים. ואם היו כל המדינות שהוא יודעם ושומע שמיעתן נוהגים בדרך לא טובה כמו בזמנינו. או שאינו יכול ללכת למדינה שמנהגותיה טובים מפני הגייסות או מפני החולי. ישב לבדו יחידי. כענין שנאמר ישב בדד וידום. ואם היו רעים וחטאים שאין מניחים אותו לישב במדינה אלא אם כן נתערב עמהן ונוהג במנהגם הרע. יצא למערות ולחוחים ולמדברות. ואל ינהיג עצמו בדרך חטאים. כענין שנאמר מי יתנני במדבר מלון אורחים:

(ב) מצות עשה להדבק בחכמים ותלמידיהם כדי ללמוד ממעשיהם. כענין שנאמר ובו תדבק. וכי אפשר לאדם להדבק בשכינה אלא כך אמרו חכמים בפירוש מצוה זו. הדבק בחכמים ותלמידיהם. לפיכך צריך אדם להשתדל שישא בת תלמיד חכם. וישיא בתו לתלמיד חכם. ולאכול ולשתות עם תלמידי חכמים. ולעשות פרקמטיא לתלמיד חכם. ולהתחבר

להם

---

וואָס געהט מיט חכמים ווערט קלוג. און ווער עס חבר'ט זיך ניט שלעכטע מענשען ווערט אַליין צוּבראָכען. און דאָס ערשטע קאַפּיטעל תהלים „אשרי האיש" איז אויך נאָר אויף דעם געשטעלט געוואָרען. אַלזאָ אויב דער מענש וואָהנט אין אַזאַ מדינה וואָס דאָרט איז דאָ שלעכטע מנהגים און די מענשען פיהרען זיך נישט בדרך הישר, דאַרף ער איבער צו געהן אויף אַזאַ אָרט ווי עס וואָהנען אָרענטליכע גוטע מענשען וואָס פיהרען זיך בדרך הישר. און אויב ער וואָהנט אין אַזאַ אָרט וואָס דער גאַנצער געגענד אַרום איז פערדאָרבען, און אַוועק צו ציהן זיך גאַנץ ווייט איז ער נישט אימשטאַנד, זאָל ער זיך אָבזונדערען פון די שלעכטע מענשען ווי ווייט מעגליך איז ערגיץ אונטער די שטאָדט, אַזוי אַז ער זאָל גאָר נישט זיין אויסגעמישט מיט די שטאָדטס מענשען:

(ב) ס'איז אַ מצות עשה צו באַהעפטען זיך מיט די חכמים און מיט זייערע תלמידים, כדי אָנצולערנען זיך פון זייערע גוטע מעשים, אַזוי ווי עס שטעהט אין פסוק „ובו תדבק" די זאָלסט דיך באַהעפטען מיט'ן אויבערשטען. נו איז דען מעגליך דאָס אַז אַ מענש זאָל זיך באַהעפטען מיט די שכינה. אָבער די חכמים האָבען אַזוי מפורש געווען דעם פסוק. דאָס מיינט מען אַז ס'איז אַ מצוה צו באַהעפטען זיך מיט די חכמים און מיט זייערע תלמידים. אַלזאָ דאַרף דער מענש זיך משתדל זיין ער זאָל נעמען אַ בת תלמיד חכם פאַר אַ ווייב, און זיין טאָכטער זאָל ער געבען אַ מאַן אַ תלמיד חכם, ער זאָל עסען און טרינקען צוזאַמען מיט די תלמידי חכמים, ער זאָל מאַכען האַנדעלס־געשעפטען און צונעמען אַ תלמיד חכם פאַר אַ שיתוף. און דעסט גלייכען מיט אַנדערע זאַכען וואָס נאָר מעגליך איז זאָל

ער

להם בכל מיני חבור. שנאמר ולדבקה בו. וכן צוו חכמים ואמרו והוי מתאבק בעפר רגליהם ושותה בצמא את דבריהם:

(ג) מצוה על כל אדם לאהוב את כל אחד ואחד מישראל כגופו. שנאמר ואהבת לרעך כמוך. לפיכך צריך לספר בשבחו ולחוס על ממונו. כאשר הוא חס על ממון עצמו, ורוצה בכבוד עצמו. והמתכבד בקלון חבירו אין לו חלק לעולם הבא:

(ד) אהבת הגר שבא ונכנס תחת כנפי השכינה שתי מצות עשה. אחת מפני שהוא בכלל ריעים. ואחת מפני שהוא גר. והתורה אמרה ואהבתם את הגר. צוה על אהבת הגר כמו שצוה על אהבת עצמו. שנאמר ואהבת את ה' אלהיך. הקב"ה עצמו אוהב גרים. שנאמר ואוהב גר:

(ה) כל השונא אחד מישראל בלבו עובר בלא תעשה. שנאמר לא תשנא את אחיך בלבבך. ואין לוקין על לאו זה. לפי שאין בו מעשה. ולא הזהירה תורה אלא על שנאה שבלב. אבל המכה את חבירו והמחרפו

---

ער זיך מדבק זיין מיט תלמידי חכמים, אזוי ווי אונזערע חכמים האבען געזאגט. „הוי מתאבק בעפר רגליהם ושותה בצמא את דבריהם". די זאלסט נאכגעהן נאך די טריט פון זייערע פיס און זאלסט טרינקען מיט דארשט זייערע רייד:

(ג) ס'איז א מצוה אז יעדער איד זאל ליעב האבען דעם אנדערען איד אזוי ווי זיך זעלבסט, אזוי ווי עס שטעהט אין פסוק „ואהבת לרעך כמוך". אלזא דארף ביי יעדען מענש צו זיין טייער דעם צווייטענס כבוד מען זאל נאר דערצעהלען דעם שבח פון צווייטען, דעסט גלייכען דארף זיין ביי יעדען טייער אויך דעם צווייטענס געלד פונקט אזוי ווי ער שוינט זיין אייגענעם כבוד מיט זיין אייגען געלד. און דער וואס פערשאפט זיך כבוד דורך זיין חבר'ס שאנדע, דער האט נישט קיין חלק עולם הבא:

(ד) מיט דעם ליבשאפט וואס מען בע־ וועזט צו א גר, וואס איינער פון אנדערע אומות האט זיך מגייר געוועזען און איז געווארען אן ערליכער איד, אין מען מקיים צוויי מצות עשה. איינמאל איז מען מקיים די מצות עשה פון „ואהבת לרעך כמוך", בעוויל ער הייסט דאך שוין א אידישער חבר. צווייטענס איז מען מקיים די מצות עשה פון „ואהבתם את הגר". און אזוי ווי דער אויבערשטער האט געזאגט מען זאל גאט ליעב האבען, אזוי ווי עס שטעהט אין פסוק „ואהבת את ה' אלהיך". אזוי נוט האט ער געזאגט מען זאל א גר ליעב האבען. און דער אויבערשטער אליין ווערט מיט דעם בערימט אז ער האט ליעב גרים. אזוי ווי עס שטעהט אין פסוק „ואוהב גר":

(ה) אז איין איד האט פיינט דעם אנ־ דערען איד אין הארץ, איז ער עובר אויף א לא תעשה וואס שטעהט אין

והמתרפו. אעפ שאינו רשאי. אינו עובר משום לא תשנא
(ו) כשיחטא איש לאיש לא ישטמנו וישתוק. כמו שנאמר ברשעים. ולא דבר אבשלום את אמנון מאומה למרע ועד טוב כי שנא אבשלום את אמנון. אלא מצוה עליו להודיעו ולומר לו למה עשית לי כך וכך. ולמה חטאת לי בדבר פלוני. שנאמר הוכח תוכיח את עמיתך. ואם חזר ובקש ממנו למחול לו צריך למחול. ולא יהא המוחל אכזרי שנאמר ויתפלל אברהם אל האלהים:
(ז) הרואה חבירו שחטא או שהלך בדרך לא טובה מצוה להחזירו למוטב. ולהודיעו שהוא חוטא על עצמו במעשיו הרעים. שנאמר הוכח תוכיח את עמיתך. המוכיח את חבירו בין בדברים שבינו לבינו. בין בדברים שבינו לבין המקום. צריך להוכיחו בינו לבין עצמו. וידבר לו בנחת ובלשון רכה. ויודיעו שאינו אומר לו אלא לטובתו להביאו לחיי העולם

---

פסוק „לא תשנא את אחיך בלבבך". זאלסט ניט פיינט האבען דיין ברודער אין הארץ:
(ו) אז איין מענש זינדיגט קעגען צווייט. מען זאל ניט דער צווייטער פער־האסען דעם ערשטען אין הארץ און זאל נאר שטיל שווייגען. דאס טויג ניט אזוי, דער דרך ווערט געברענגט אין פסוק אז רשעים פלעגען זיך אזוי פיהרען. אזוי ווי עס שטעהט. ולא דבר אבשלום את אמנון מאומה למרע ועד טוב כי שנא אבשלום את אמנון". בעווייל אבשלום איז געווען אמנון'ס א שונא, האט ער צו עס קיין איין ווארט ניט גערעדט. אבער יודישלעך איז נאר אנ־דערש, עס איז א מצוה יענעם מודיע צו זיין און פארצוהאלטען עס, פאר וואס האסטו מיר אזוי און אזוי געטוהן, פאר וואס האסטו קעגען מיר געזינדיגט ווענען די אין די זאך. אזוי ווי עס שטעהט אין פסוק „הוכח תוכיח את עמיתך". זאלסט האבען א ויכוח מיט דיין חבר און זאלסט עהם אבשטראפען. אויב יענער פערענטפערט זיך און פער־לאנגט זאלסט עהם מוחל זיין, דארף מען ניט זיין קיין אכזר. נאר עס יא מוחל צו זיין, אזוי ווי עס שטעהט ביי אברהם אבינו, אז ווען אבימלך האט עס איבערגעבעטען, האט ער עס מוחל געווען, און האט נאך מתפלל געווען פאר זיין געזונד:
(ז) דער וואס זעהט אז זיין חבר האט געזינדיגט, אדער אז ער פיהרט זיך אין א שלעכטען וועג איז א מצוה עס אנצושטראפען און צו פארלעגען א כח ער זאל בעסער ווערען. אזוי ווי עס שטעהט אין פסוק „הוכח תוכיח את עמיתך". דער וואס וויל שטראפען זיין חבר ווענען וואס פאר אן ענין ס'איז, דארף ער עס שטראפען ניט פאר מענ־שען נאר בינו לבין עצמו. און דאס שטראפען זאל זיין בנחת מיט ווייכע רייד, ער זאל יענעם מודיע זיין אז ער מיינט נאר זיין טובה כדי ער זאל עהם ברענגען

העולם הבא. אם קיבל ממנו מוטב ואם לאו יוכיחנו פעם שניה ושלישית. וכן תמיד חייב אדם להוכיחו עד שיכהו החוטא ויאמר לו איני שומע. וכל שאפשר בידו למחות ואינו מוחה. הוא נתפש בעון אלו. כיון שאפשר לו למחות בהם:

(ח) המוכיח את חבירו תחלה לא ידבר לו קשות עד שיכלימנו. שנאמר ולא תשא עליו חטא. כך אמרו חכמים. יכול אתה מוכיחו ופניו משתנות. ת"ל ולא תשא עליו חטא. מכאן שאסור לאדם להכלים את ישראל. וכל שכן ברביב. אע"פ שהמכלים את חבירו אינו לוקה עליו. עון גדול הוא. כך אמרו חכמים המלבין פני חבירו ברבים אין לו חלק לעולם הבא. לפיכך צריך אדם להזהר שלא לבייש חבירו ברבים בין קטן בין גדול. ולא יקרא לו בשם שהוא בוש ממנו. ולא יספר לפניו דבר שהוא בוש ממנו. במה דברים אמורים בדברים שבין אדם לחבירו. אבל בדברי שמים. אם לא חזר בו בסתר מכלימין אותו ברבים ומפרסמים חטאו. ומחרפים אותו בפניו ומבזין ומקללין אותו עד שיחזור למוטב כמו שעשו כל הנביאים בישראל:

מי

---

ברענגען צו חיי עולם הבא. אויב יענער האט עהם נעפאלגט באלד נאכ'ן ערשטען מאל שטראפען, הרי טוב. און אויב נישט זאל ער עהם ווייטער אזוי שטראפען דאס צווייטע מאל און א דריט מאל און זא ווייטער, אזוי לאנג ביז דער חוטא הא‍פט זיך צו שלאגען דעם שטראפער און זאגט צו עם איך וויל דיך נישט פאלגען. דער וואס קאן פארווערען אנדערע זיי זאלען נישט זינדיגען, און וויל נישט פארווערען, ווערט ער נעשטראפט פאר יענעמס זינד:

(ח) דער וואס נעמט זיך צו שטראפען זיין חבר, זאל נישט באלד ארויס אויף עם מיט הארטע רייד אזוי, אז יענער זאל פארשעמט ווערען. ווארען צו פארשעמען א יוד איז א גרויסע עבירה. מכל שכן נאך צו פארשעמען יענעם ברבים מאר מען א ...דאי נישט ...

חכמים האבען אזוי געזאגט, אז דער וואס פארשעמט זיין חבר ברבים, האט נישט קיין חלק עולם הבא. אלזא דארף מען זיין שטארק געווארענט נישט מבייש צו זיין קיינעם ברבים, און נישט צו רופען יענעם מיט א זא נאמען וואס יענער שעמט זיך דערפון, און נישט צו דערצעהלען פאר יענעם אזא זאך וואס יענער וועט דערדורך פארשעמט ווערען. דאס איז אבער נאר אז דאס שטראפען איז וועגען א זינד, וואס יענער האט געזינדיגט קעגען זיין חבר, אבער אויב דא געהט אין דעם וואס יענער זינדיגט קעגען אויבער־שטען, איז אז אויב יענער וויל נישט בשום אופן תשובה טוהן, זאל מען עהם יא מבייש זיין ברבים, און מען זאל מפרסם זיין די עבירה. מען זאל עם מבזה זיין און שעלטען ביז ער וועט תשובה טוהן, אזוי ווי מיר זעהן אז די

נביאים

(ט) מי שחטא עליו חבירו ולא רצה להוכיחו ולא לדבר לו כלום מפני שהיה החוטא הדיוט ביותר. או שהיתה דעתו משובשת ומחל לו בלבו ולא שטמו ולא הוכיחו הרי זו מדת חסידות. לא הקפידה תורה אלא על המשטמה:

(י) חייב אדם להזהר ביתומים ואלמנות. מפני שנפשן שפלה ביותר ורוחם נמוכה. ואע״פ שהן בעלי ממון. ואפילו אלמנתו של מלך ויתומיו מוזהרים אנו עליהן שנאמר כל אלמנה ויתום לא תענון. והיאך נוהגין עמהן. לא ידבר אליהם אלא רכות. ולא ינהוג בהן אלא מנהג כבוד. ולא יכאיב גופם בעבודה. ולבם בדברים קשים. ויחוס על ממונם יותר מממון עצמו. כל המקניטן או מכעיסן או הכאיב להן או רדה בהן או אבד ממונן הרי זה עובר בלא תעשה. וכל שכן המכה אותם או המקללן. ולאו זה אע״פ שאין לוקין עליו הרי עונשו מפורש בתורה. וחרה אפי והרגתי אתכם בחרב. ברית כרת להן מי שאמר והיה העולם שכל

זמן

---

נביאים האָבּען אויך אַזוי נאָך געשטראָפט די אידען:

(ט) דער וואָס זיין חבר האָט קעגען עם געזינדיגט און ער וויל נישט עם שטראָפען און אפילו נישט פויר־האַלטען אויך, בעווייל יענער איז זעהר אַ גראָבּער מענש, אָדער בעווייל יענער איז איינגעטוהן אין שלעכטע דעות, און דאַדורך פערשטעהט ער אַז זיינע רייד וועלען זיין נאָר אומזיסטע, איז ער עם אַלזאָ אַליין מוחל די עולה אין האַרץ, און ער וויל נישט קאַלי מאַכען קיין רייד יענעם צו שטראָפען, און וויל אויך נישט יענעם האַסען אין האַרץ. דאָס איז גאַנץ גלייך, און עם הייסט אַ מדת חסידות, וואָרען דער עיקר האָט נאָר די תורה מקפיד געווען נישט צו האַסען יענעם אין האַרץ:

(י) דער מענש דאַרף זיין געוואָרענט נישט מצער צו זיין יתומים און אלמנות, וואָרען זיי זענען נידריג און נעבּ־פאַלען ביי זיך. אפילו אויב זיי זענען רייך און אפילו אַן אלמנה און יתומים פון אַ מלך האָט אויך די תורה וועגען זיי געוואָרענט און האָט געזאָגט „כל אלמנה ויתום לא תענון״ קיין שום אלמנה און יתום זאָל מען נישט אָהן טוהן קיין עגמת נפש. נאָר מען דאַרף זיך מיט זיי צו פיהרען גאַנץ עהרעל, מען זאָל נאָר רייד־דען מיט זיי ווייכע רייד, און מען זאָל אין זיי נוהג כבוד זיין. נישט מצער צו זיין זייער גוף מיט אַ שווערע אַרבּייט און נישט מצער צו זיין זייערע הערצער מיט שלעכטע רייד, און מען זאָל חס האָבּען אויף זייער געלד מעהר ווי אויף אונזער אייגען געלד. ווער עס דערצערענט זיי, ווער עס איז זיי מצער מיט וואָס עס איז, אָדער ווער עס איז גורם זיי זאָלען היזק האָבּען געלד. איז עובר אויף אַ לאו תעשה, מכל שכן נאָך ווער עס שלאָגט זיי אָדער שעלט זיי. דער עונש פון די עבירה איז מפורש אין די תורה, אַז דער

אויבערשטער

זמן שהם צועקים מחמס הם נענים. שנאמר כי אם צעק יצעק אלי שמוע אשמע צעקתו. במה דברים אמורים בזמן שעינה אותם לצורך עצמו. אבל עינה אותם הרב כדי ללמדן תורה או אומנות. או להוליכן בדרך ישרה, הרי זה מותר. ואע"פ כן לא ינהוג בהן מנהג כל אדם. אלא יעשה להם הפרש וינהלם בנחת וברחמים גדולים וכבוד. שנאמר כי ה' יריב ריבם. אחד יתום מאב. אחד יתום מאם. ועד אימתי נקראים יתומים לענין זה. עד שלא יהיו צריכין לאדם גדול להסמיך עליו ולאמנן ולהטפל בהן. אלא יהיה עושה כל צרכי עצמו לעצמו כשאר כל הגדולים:



המרגל

אויבערשטער זאָגט „וחרה אפי והרגתי אתכם בחרב". מיך וועט די זאַך פערדריסען און איך וועל איך הרג'נען מיט דער שווערד. אין דער אויבערשטער האָט מיט זיי כּורת ברית געוועזען, אַז ווען נאָר זיי וועלען שרייען צו איהם וועגען אַן עולה וואָס אַ מענש טהוט זיי, וועט ער זיך פאַר זיי באַלד אָננעמען. אַזוי ווי עס שטעהט אין פסוק. „כי אם צעק יצעק אלי שמוע אשמע צעקתו". אויב ער וועט נאָר שרייען צו מיר וועל איך באַלד צו הערען זיין געשריי. דאָס איז נאָר אויב איינער פּייניגט זיי צוליעב זיין טובה וועגען, אָבער אויב איינער פּייניגט דעם יתום כדי עס צו לערנען תורה, אָדער א מלאכה, אָדער כדי ער זאָל זיך פיהרען בדרך הישר, דאָס מעג מען. פון דעסט וועגען אפילו בּיי אַזעלכע ענינים זאָל מען זיך נישט פיהרען מיט זיי אַזוי שטרענג ווי מיט אַנדערע, נאָר אַלץ זאָל זיין מיט רחמים גדולים און בדרך כבוד. און ס'איז בּיי דעם קיין חילוק נישט צו אַ יתום פון אַ פאָטער צו אַ יתום פון אַ מוטער, איז אַלץ איינס. און ביז ווי לאַנג הייסען זיי יתומים קענען דעם ענין? ביז זיי דאַרפען שוין נישט קיין הילף פון אַ גרויסען מענש זאָלען זיך אויף עהם פערלאָזען ער זאָל זיי מגדל זיין און בעמיהן זיך מיט זיי, נאָר זיי קאָנען זיך שוין אליין פאַר זיך טוהן אַלע זייערע בעדאַרפעניששען, אַזוי ווי אַלע גרויסע מענשען:



הר"נל

# פרק שביעי

(א) המרגל בחבירו עובר בלא תעשה. שנאמר לא תלך רכיל בעמיך: ואע"פ שאין לוקין על דבר זה עון גדול הוא וגורם להרוג נפשות רבות מישראל. לכך נסמך לו ולא תעמוד על דם רעך. צא ולמד מה אירע לדואג האדומי:

(ב) איזהו רכיל. זה שטוען דברים והולך מזה לזה ואומר כך אמר פלוני. כך וכך שמעתי על פלוני. אע"פ שהוא אמת הרי זה מחריב את העולם. יש עון גדול מזה עד מאד. והוא בכלל לאו זה. והוא

# פרק שביעי

(א) המרגל בחבירו. דער וואָס שפּיאָנירט נאָך זיין חבר, ער זאָל געוואָר ווערען זיינע מעשים, זיין בעשטאַנד, זיין אַרויסשטאַמונג, כדי ער זאָל האָבען וואָס צו דערצעהלען פאַר אַנדערע מענשען, און דורך די רייד קאָן אַמאָל יענעם אַרויסקומען אַ רעה, דער מענש ווערט אָנגערופען אויף גמרא לשון אַ „מרגל", דאָס הייסט אַ שפּיאָן, און אין די תורה ווערט ער אָנגערופען אַ „הולך רכיל". אויף יעדער שמיעה וואָס ער טראָגט אָב פון איינעם צום אַנדערען איז ער עובר אויף אַ בעזונדערע לא תעשה וואָס שטעהט אין פּסוק „לא תלך רכיל בעמך". דאָס איז זעהר אַ גרויסע עבירה, און דער מענש איז גורם עס זאָל אומגעבראַכט ווערען פיעל יודישע נפשות, און ער מאַכט מיט זיין טרפה'נע צונג חרוב די וועלט. און איבער דעם האָט די תורה באַלד נאָך דעם פּסוק „לא תלך רכיל בעמך" צו געשטעלט דעם פּסוק „ולא תעמוד על דם ריעך" זאָלסט ניט שטעהן צוקוקען ווי דיין חבר'ס בלוט ווערט פערגאָסען. ס'איז נעטיג אַז נעמען זיך אַ ביישפּיל פון דעם חורבן וואָס דואג האדומי האָט אָנגעמאַכט מיט זיין רכילות זאָגען אויף דוד און אחימלך פאַר שאול המלך:

(ב) דער לאו פון „לא תלך רכיל" איז כולל דריי מינים רייד'ען. איינס וואָס איינער דערצעהלט פאַר עמיצען אַ שמיעה אויף זיין חבר, אַז ער האָט געהערט אַז דער חבר האָט אַזוי און אַזוי געטוהן. און דאָס איז טאַקי אמת, און נאָך דערצו איז די מעשה גאָר ניט קיין שלעכטע און עס איז גאָר ניט פאַר יענעם קיין בזיון די מעשה. אָבער בעווייל דער מענש איז זיך מתכוין אַז דורך די שמיעה וואָס ער דערצעהלט זאָל צו זיין חבר אַרויסקומען אַ רעה, דאָס הייסט רכילות. דאָס צווייטע מין רכילות איז, וואָס איינער דערצעהלט פאַר עמעצען אַ שלעכטע שמיעה אויף זיין חבר, אָדער אויף זיין חבר'ס עלטערן, אויך ניט קיין ליגענט נאָר טאַקי אַן אמת. אַז דער חבר האָט געטוהן עפּעס אַ מעשה רע, אָדער

אַז

**והוא** לשון הרע. והוא המספר בגנות חבירו אע״פ שאומר אמת. אבל האומר שקר נקרא מוציא שם רע על חבירו. אבל בעל לשון הרע זה שיושב ואומר כך וכך עשה פלוני. כך וכך היו אבותיו. וכך וכך שמעתי עליו. ואמר דברים של גנאי. על זה אמר הכתוב יכרת ה׳ כל שפתי חלקות לשון מדברת גדולות:

(ג) אמרו חכמים שליש עבירות נפרעין מן האדם בעולם הזה ואין לו חלק לעולם הבא. עבודת כוכבים גילוי עריות ושפיכות דמים ולשון הרע כנגד כלם. ועוד אמרו חכמים כל המספר בלשון הרע כאלו כופר בעיקר, שנאמר אשר אמרו ללשוננו נגביר שפתינו אתנו מי אדון לנו. ועוד

אמרו

---

אז זײַנע עלטערן האָבען נעטוהן מעשים רעים, אָדער אַנדערע מיני בזיונות וואָס דורך דעם ווערט יענער מבוזה. דאָס מין רכילות ווערט אָנגערופען „לשון־הרע״. דאָס דריטע מין רכילות איז וואָס איינער טראַכט זיך אויס צו דערצעהלען פאַר מענשען מעשים רעים אָדער אַנדערע מיני בזיונות אויף זײַן חבר צו אויפ׳ן חבר׳ס עלטערן כדי מבזה צו זײַן דעם חבר. און די שלעכטע מעשים צו די בזיונות וואָס ער דערצעהלט זענען נאָר ליגענט, און דעם מין רכילות שטעקט שוין אויך לשון־הרע און שקר און מוציא־שם־רע אויף זײַן חבר. סײַ ווי אויף די אַלע מיני רכילות האָט דוד המלך געזאָגט אין תהלים „יכרת ה׳ כל שפתי חלקות לשון מדברת גדולות״ נאָט זאָל פערשנײַדען אַלע גלאַטיגע לעפצען און די צינג וואָס רעדט מיט גרויסקײַט שלעכטץ אויף יענעם:

(מען דאַרף זעהר נויטיג אויפמערקזאַם צו מאַכען די פרימע אידלעך, וואָס זאָגען תהלים גאַנץ ערענצט, און רכילות, לשון־הרע, שקר, ליצנות איז בײַ זײַ גאָר קײַן עבירה נישט, אַז זײַ זאָלען זײַן געוואָרענט נישט צו זאָגען די קאַפּיטלעך תהלים אָדער די פסוקים וואָס דוד המלך האָט אין זײַ פערשאָלטען די געשליפענע צינגלעך, וואָרען נאָך וואָס זאָלען זײַ זיך נאָך אַלײַן שעלטען. — ווען עס זאָל זײַן אַ מוכר ספרים וואָס זאָל לאָזען אָבדריקען אזעלכע תהלים׳לעך, אַז די קאַפּיטלעך מיט די פסוקים וואָס פאַרשעלטען די בעלי לשון־הרע זאָלען זײַן געדריקט מיט קלענערע אותיות פאַר אַ סימן, אַז דאָס איז נישט פאַר יענען צו זאָגען, דאַכט זיך מיר אַז דער מוכר ספרים וואָלט געמאַכט אַ גליקלעך געשעפט.)

(ג) די חכמים האָבען געזאָגט, אַז אויף דרײַ עבירות נעמט מען געצאָהלט פון מענש אויף דער וועלט און החוץ דעם פערליהרט ער דאָס חלק עולם הבא. דאָס זענען די דרײַ עבירות. עבודה זרה. גילוי עריות. שפיכות דמים. און אויף די עבירה פון לשון־הרע ווערט מען נאָך מעהר געשטראָפט ווי אויף די דרײַ גרויסע עבירות. נאָך האָבען די חכמים געזאָגט, אַז דער וואָס דערצעהלט לשון־הרע איז אַזוי גוט גלײַך ער וואָלט געוועזען אַ כופר בעיקר. אַזוי ווי ס׳שטעהט אין

פסוק

אמרו חכמים: שלשה לשון הרע הורגת. האומרו והמקבלו וזה שנאמר עליו. והמקבלו יותר מן האומרו:

(ד) ויש דברים שהן אבק לשון הרע. כיצד. מי יאמר לפלוני שיהיה כמות שהוא עתה. או שיאמר שתקו מפלוני איני רוצה להודיע מה אירע ומה היה. וכיוצא בדברים האלו. וכל המספר בטובת חבירו בפני שונאיו. הרי זה אבק לשון הרע. שזה גורם להם שיספרו בגנותו. ועל זה הענין אמר שלמה מברך רעהו בקול גדול בבקר השכם קללה תחשב לו. שמתוך טובתו בא לידי רעתו. וכן המספר בלשון הרע דרך שחוק ודרך קלות ראש. כלומר שאינו מדבר בשנאה. הוא ששלמה אמר בחכמתו. כמתלהלה היורה זקים חצים ומות ואמר הלא משחק אני. וכן המספר לשון הרע דרך רמאות. והוא שיספר לתומו. כאילו אינו יודע שדבר זה

שדיבר

פסוק „אשר אמרו ללשוננו נגביר, שפתינו אתנו, מי אדון לנו", די רשעים רעדען זיך אזוי איין. מיר וועלען זיך שטארקען מיט אונזערע צינגען, מיר האבען גוטע גלאטיקע לעפצען צום רעדען, ווער איז דען אונזער איבער־הער וואס מען זאל פאר עהם מורא האבען. נאך האבען די חכמים געזאגט, אז די לשון־הרע הרג'ט אוועק דריי מענשען. דעם וואס דערצעהלט די לשון־הרע, דעם וואס נעמט צו די לשון־הרע, און דעם וואס מען דערצעהלט אויף עהם די לשון־הרע. דער וואס ער נעמט צו די לשון־הרע דעם שאדעט עס נאך מעהר, ווי דעם וואס ער דערצעהלט די לשון־הרע;

(ד) ס'איז פערהאנען אזעלכע רייד וואס זענען נישט קיין עכט לשון־הרע, נאר אזוי ווי שטויב פון לשון־הרע. דהיינו אז איינער דערצעהלט אויפ'ן אנדערען אז יענער איז שוין היינט צופיעל אין גרויסען, און ער זאגט אויף יענעם בזה הלשון, ווקמען וואלט דאס אמאל אנגעפאלען צו זאגען אז דער מענש וועט אמאל זיין אזוי אין גרויסען ווי ער איז היינט. אדער אז איינער זאגט אויפ'ן אנדערען פאר מענשען בזה הלשון. שווייגט בעסער און רעדט גאר נישט פון יעהם, איך וויל ענק גאר נישט דערצעהלען וואס מיט עהם האט זיך פאסירט, וכדומה נאך אזעלכע רייד, דאס הייסט אלץ שטויב פון לשון־הרע. דעסט גלייכען אז איינער ריהמט זיין חבר פאר'ן חבר'ס שונאים, הייסט עס אויך שטויב פון לשון־הרע, ווארען ער ברענגט דערצו אז די שונאים זאלען אנהויבען רעדען אויף יענעם שלעכטץ, אלזא קומט פון זיין טובה ארויס יענעם א רעה. טייל קלינגע לשון־הרעניקעס רעדען לשון הרע בדרך גילעכטער פערפיצט מיט קלינגע ווערטלעך און מיט קלות ראש. נאר נישט מיט קיין שנאה כדי מען זאל עס נישט פארווארפען אז ער רעדט לשון־הרע. טייל וויטער פערקלײדען די לשון הרע און פערפיטצען זי מיט גלאט א מעשה דערצעהלען אין די וועלט אריין. מען זאל גאר נישט פערשטעהן אז ער מיינט יענעמען. אבער דער אויבערשטער

פארשטעהט

שדיבר לשון הרע הוא. אלא כשמכחין בו אומר איני יודע שדבר זה לשון הרע או שאלו מעשיו של פלוני:

(ה) אחד המספר בלשון הרע בפני חבירו או שלא בפניו. והמספר דברים שגורמים אם נשמעו איש מפי איש להזיק לחבירו בגופו או בממונו. ואפילו להצר לו או להפחידו. הרי זה לשון הרע. ואם נאמרו דברים אלו בפני שלשה. כבר נשמע הדבר ונודע. ואם סיפר הדבר אחד מן השלשה פעם אחרת. אין בו משום לשון הרע. והוא שלא יתכוין להעביר הקול ולגלותו יותר:

(ו) כל אלו הם בעלי לשון הרע שאסור לדור בשכונתם. וכל שכן לישב עמהם ולשמוע דבריהם. ולא נחתם גזר דין על אבותינו במדבר אלא על לשון הרע לבד:

(ז) הנוקם מחבירו עובר בלא תעשה. שנאמר לא תקום. ואע"פ שאינו לוקה עליו. דעה רעה היא עד מאד. אלא ראוי לו לאדם להיות מעביר על מדותיו על כל דברי [זה] העולם. שהכל אצל המבינים דברי הבל

והבאי

פאַרשטעהט גאַנץ גוּט זײַן מײַנוּנג און װעט עס שטראָפען דערפאַר בגלוי בפרסום װען זײַן מעהנסטעל װעט דערפילט װערען:

(ה) לשון־הרע איז נישט קײן חילוק צו מען דערצעהלט עס פאַר יענעם אין די אויגען, צו אונטער די אויגען. אויב מען דערצעהלט נאָר אַזעלכע רײד װאָס אויב זײ װעלען מפורסם װערען אײנעם פון אַנדערען װעלען זײ רײד גורם זײַן יענעם אַ היזק, אָבער אין גוף, אָבער אין פאַרמעהגען, אָדער יענער קאָן קומען דורך דעם צו אַ צער, צו אַ בזיון, צו אַ פחד, הײסט אַלץ לשון־הרע. די רײד װאָס זענען אײנמאָל געזאָגט געװאָרען פאַר דרײַ מענשען, און אַז אײנער פון די דרײַ מענשען דערצעהלט פאַר װעמען די רײד, הײסט עס נישט קײן לשון־הרע. און אויך נאָר אַז דער דערצעהלער זאָל זיך נישט מתכוין זײַן די זאַך מפֿהר מפורסם צו מאַכען:

(ו) די אַלע מינים לשון־הרע'ניקעס װאָס װערען אויבען אויסגערעכענט, טאָר מען מיט זײ נישט װאָהנען צוזאַמען אין שכינות, און װער שמיסט נאָך צו זיצען מיט זײ צוזאַמען און אויסצוהאָרכען זײערע רײד, טאָר מען געװיס נישט. די גזירה װאָס איז ננזר געװאָרען אויף אונזערע עלטערן אין די מדבר זעקס מאָל הונדערט טויזענד מאַן, זײ זאָלען נישט אַרײַן קומען קײן ארץ ישראל, נאָר זאָלען אַלע אויסשטאַרבען אין דער מדבר, איז געװען איבער'ן לשון־הרע פון די מרגלים:

(ז) אַז אַ איד איז זיך נוקם פון זײַן חבר איז ער עובר אויף אַ לא תעשה װאָס שטעהט אין פסוק „לא תקום". די זאָלסט דיך נישט נוקם זײַן. דער מענש דאַרף זײַן אַ „מעביר על מדותיו" דאָס הײסט צו פאַרגעסען די עולה װאָס יענער האָט עס אַמאָל געטוהן. נוקם זײַן הײסט אַז ראובן

זאָגט

והבאי ואינן כדאי לנקום עליהם. כיצד היא הנקימה. אמר לו חבירו השאילני קרדומך. אמר לו איני משאילך. למחר צריך לשאול ממנו. אמר לו חבירו השאילני קרדומך. אמר לו איני משאילך כדרך שלא השאלתני כששאלתי ממך. הרי זה נוקם. אלא כשיבוא לו לשאול יתן בלב שלם. ולא יגמל לו כאשר גמלו. וכן כל כיוצא באלו. וכן אמר דוד בדעותיו הטובות. אם גמלתי שולמי רע ואחלצה צוררי ריקם:

(ח) וכן כל הנוטר לאחד מישראל עובר בלא תעשה. שנאמר ולא תטור את בני עמיך. כיצד היא הנטירה. ראובן שאמר לשמעון השכיר לי בית זה או השאילני שור זה. ולא רצה שמעון. לימים בא שמעון לראובן לשאול ממנו או לשכור ממנו. ואמר לו ראובן. הא לך הריני משאילך. ואיני כמותך. לא אשלם לך כמעשיך. העושה כזה עובר בלא תטור. אלא ימחה הדבר מלבו ולא יטרנו. שכל זמן שהוא נוטר את הדבר וזוכרו. שמא יבא לנקום. לפיכך הקפידה תורה על הנטירה עד שימחה העון מלבו ולא יזכרנו כלל. וזו היא הדעה הנכונה שאפשר שיתקיים בה יישוב הארץ ומשאם ומתנם של בני אדם זה עם זה:

זאגט צו שמעונ׳ן. באָרג מיר דיין האַק. זאָגט שמעון איך וויל דיר נישט באָרגען. צומאָרגענס זאָגט שמעון צו ראובנ׳ן, באָרג מיר דיין זעהג. זאָגט ראובן איך וויל נישט דיר באָרגען מיין זעהג אַזוי ווי דו האָסט מיר נישט געוואָלט באָרגען דיין האַק, דאָס הייסט נוקם געוועזן זיך. איין איד אין אַנדערען טאָר זיך נישט נוקם זיין, נאָר מען דאַרף יענעם טוהן אַ טובה חאָטש יענער האָט דיר נישט געוואָלט טוהן קיין טובה:

(ח) צוליעב דעם וואָס מען טאָר זיך נישט נוקם זיין, האָט שוין אויך די תורה פערבאָטען אַז איין איד צום אַנדערען זאָל נישט נוטר שנאה זיין. אַזוי ווי עס שטעהט אין פסוק „ולא תטור”, די זאָלסט נישט צו דיין חבר נוטר שנאה זיין. ווי אַזוי הייסט נוטר שנאה? אַז ראובן פערלאַנגט פון שמעונ׳ן אַ טובה. „באָרג מיר דיין אָקס”. ווייל שמעון נישט, און אַ צייט אַרום פערלאַנגט ווייטער שמעון פון ראובנ׳ן אַ טובה. „באָרג מיר דיין פערד”. ענטפערט ראובן, „יאָ גוט, איך וועל דיר באָרגען, איך בין נישט אַזוי ווי דו, וואָס דו האָסט מיר נישט געוואָלט באָרגען”. דאָס הייסט נוטר שנאה געוועזן. מען דאַרף די שנאה פון האַרץ אינגאַנצען אָב צו מעקען, וואָרען כל זמן ער וועט אין זינען האָבען די שנאה איז נאָר גרינג ער זאָל זיך וועלען אין יענעם נוקם זיין, איבער דעם האָט די תורה דאָס פערבאָטען און האָט אָנגעזאָגט „ולא תטור”. נאָר זאָלסט יעד נעמס עולה פון דיין האַרץ אינגאַנצען אָבמעקען. דאָס איז אַ גוטע דעה און אַ גוטע עהרעלע מדה, וואָס דורך דעם קאָן דער יישוב פון די וועלט מיט דעם משא ומתן אַ קיום האָבען, און דאָס גיט פריינדשאַפט פון איינעם צום אַנדערען קאָן אַלע מאָל מעהר געשטאַרקט ווערען

# ווין לעבענס בעשרייבונג.
# זיינע ספרים און זיין ווירקונג
ב 3
# אויף דעם אידישען נאציאן.
## חלק שני

איבערגעזעצט פון זיבערע קוסלער
על ידי הרב המפורסם ר׳ יודל ראזענבערג
דער טארלער רב וואס וואהנט היינט אין לאדז

די געבורטהייט פון רמב״ם — דעם רמב״ם׳ס יוגענד. — אויסוואונדערונג אין אפריקא פירושים אויף דער גמרא און משניות. — „מאמר העבור״ און „אגרת השמד״. — דאס אנטלויפען פון אפריקא. — ארץ ישראל און מצרים.

רבנו משה בן מיימון איז געבארען אין „קארדאוואַ״. 14 טאג אין חדש ניסן, 895 יאהר אין אלף החמישי לבריאת העולם. זיין פאטער רב מיימון האט געשטאמט פון גרויסען יחוס: זיינע עלטערען און עלטער־עלטערען, ביז אכט דורות, זיינען געוועזען רבנים און דיינים אין קאר־דאוואַ, אין זייער יחוס האט זיך געצויגען ביז „רבינו הקדוש״, דער מחבר פון משניות, — רב מיימון איז אויך געוועזען רב אין קארדאווא, און אויסער זיין למדנות איז ער געוועזען זעהר געבילדעט, געקענט גוט מאטעמאטיק, געהאט א שטארקע ידיעה און אסטראנאמיע (תבונה). און האט געשריבען פיעל טייערע ספרים. ער האט זיין זוהן ערצויגען אויף זיין שטייגער, געלערנט איהם תנ״ך, גמרא און וועלטליכע קענטניס; און דער פעהיגער זוהן האט אלעס געשלונגען מיט גרויס חשק. א חוץ דעם האט ער געלערנט נאך ביי אנדערע לעהרער פונ׳ם פאטער. ביי ארא־בישע געבילדעטע לייט, און שטודירט נאטור־וויסענשאפט, (חכמת הטבע). דאקטאריע און אראבישע פילאזאפיע; און אלס וואס ער האט געלערנט האט ער געקענט ביז אין תיך אריין, הגם ער איז געוועזען זעהר יונג; א יונגעל פון א בר־מצוה, נישט מעהר. די נאטור האט איהם געשענקט וואונדערליכע פעהיגקייט, אלע האבען איהם בעוואונדערט, אלע האבען געזאגט, אז פון דעם יונגעל וועט ארויס וואקסען א גאון־עולם — און אזוי איז טאקע געוועזען:

די מעשה איז בעוואוסט און זי ווערט געברענגט אין די פערציטי־שע ספרים, אז רב מיימון דעם רמב״ם׳ס פאטער האט ברעה געהאט נישט חתונה צו האבען. ווען ער איז שוין געוועזען אין די מיטעל יאהרען איז עהם געקומען צפעס אן אלטער יוד צו חלום, אז ער זאל חתונה

האבען

האָבען מיט אַ קצב׳ס אַ טאָכטער, וועלכער האָט געוואָהנט אין אַ שטעדטעל נעבען קאָרדאָווא. רב מיימון האָט זיך פון דעם חלום גאָר אויסגעלאַכט און האָט אויף עם גאָר נישט געקוקט. אָבער דער אַלטער יוד וואָס איז עם געקומען צו חלום האָט עם נישט אָבגעלאָזט, נאָר ער איז אַלע מאָל מעהר און עפטער עם געקומען זאָגען דעם חלום. ביז רב מיימון האָט פערשטאַנען אַז דאָס איז נישט קיין נאַרישקייט, האָט ער זיך מיישב געווען און איז געפאָהרען אין דעם שטעדטעל אַריין, ווי דער קצב האָט געוואָהנט און האָט חתונה געהאַט מיט זיין טאָכטער. זי איז באַלד פון עהם טראָגען געוואָרען, און ווען זי האָט געבאָהרען דעם רמב״ם איז זי געווען אַ מקשה לילד, און נאָכ׳ן האָבען דאָס קינד איז זי געשטאָרבען. רב מיימון האָט נישט געקריגען אַזוי גיך קיין אידישע אַם צו זייגען דאָס קינד, האָט ער דערווייל צו גענומען אַן אַם פון אַן׳אַנדער פאָלק. דאָס קינד האָט געזויגען ביי די אַם ביז צום מל זיין, דערנאָך האָט שוין דאָס קינד נישט געוואָלט זייגען ביי דער אַם, האָט מען צוגענומען צו דעם קינד אַ אידישער אַם.

רב מיימון האָט דערנאָך חתונה געהאַט און האָט גענומען אַ ווייב אַ גרויסע מיוחסת, מיט וועלכע ער האָט געהאַט עטליכע קינדער. אַז דער רמב״ם מיט די קינדער וואָס רב מיימון האָט געהאַט פון אַנדערען ווייב זענען גרויס געוואָרען, האָט זיך אַרויס געוויזען אַז דער רמב״ם האָט געהאַט זעהר אַ פערשטאָפטען קאָפּ, און ער האָט בשום אופן גאָר נישט געקאָנט מקבל זיין וואָס מען האָט מיט עם געלערענט. דער פאָטער מיט די ברידערלעך האָבען עם פיינד געהאַט, פלעגען עם שלאָגען און שרייען אויף עהם „קצב־יונג״. איינמאָל האָט זיך געמאַכט אַז דער רמב״ם האָט זיך די זאַך זעהר צום האַרצען גענומען, איז ער ברוגז געוואָרען און האָט זיך בעהאַלטען אויף דער ווייבערשע שוהל און ער האָט דאָרט זעהר געוויינט אויף זיינע צרות און אויף זיין גרויסע בושה, ביז ער איז פון געוויין ענטשלאָפען געוואָרען. האָט זיך עם געחלומ׳ט אַז עפּעס אַן אַלטער גרייז־גראָהער יוד איז צו עם געקומען, און האָט געהאַלטען אין דער האַנד אַ האַרץ, האָט דער גרייז־גראָהער יוד צום רמב״ם אַזוי געזאָגט: „זעה מיין קינד! דיינע טרערען זענען אָנגענומען געוואָרען פאַר גאָט ברוך הוא, בין איך געשיקט געוואָרען צו דיר אַרויסצונעמען פון דיר דעם לב האבן דאָס שטיינערען האַרץ, און אַריין צו זעצען אין דיר דאָס האַרץ, וואָס איז אַ לב בשר״. ווען דער רמב״ם איז אויפגעקומען

פון שלאָף האָט ער שוין זיך געשפּירט אַז ער איז אַן אַנדערער מענש. נאָך דעם איז באַלד דער רמב״ם ענטלאָפען פון זיין פאָטער אין דער שטאָדט אַריין, ווי עס האָט געוואָהנט דער גרויסען גאון הרב ר׳ יוסף ן׳ מיגאש, וועלכער האָט דעם רמב״ם זעהר שטאַרק מקרב געוועזען און האָט מיט עם געלערענט תורה אַ לאַנגע צייט. דערנאָך איז דער רמב״ם צוריק געקומען קיין קאָרדאָווא, אָבער ער איז נישט באַלד אַריין צו זיין פאָטער, נאָר שבת האָט דער רמב״ם געזאָגט אַ דרשה אין שוהל. אויף דער דרשה האָבען זיך אַלע לומדים שטאַרק געווינדערט. מען איז באַלד געוואָהר געוואָרען ווער דאָס וווּנדערליכע יונגעל איז, ראַן זענען דער פאָטער רב מיימון מיט די אַנדערע קינדער אויף עם אַרויפגעפאַלען און האָבען עם געקושט. ביי וועלכען זיי האָבען עם שטאַרק מפייס געוועזען און האָבען עם אַהיים געפיהרט צו זיך בכבוד גדול און מיט גרויס ליבשאַפט.

די יונגע יאָהרען איז דער גן־עדן פון אונזער לעבען: דאָס יונגע קינד לעבט פריי פון זאָרגען, שוועבט ווי אַ פרייער פויגעל אין גאָטס ליכטיגער וועלט, און פיהלט ניט די צרות פונ׳ם לעבען, די שלעכטקייט. די פערדאָרבענהייט פון די מענשען. רבנו משה האָט פון דעם גן־עדן ניט פאַרזוכט; ער האָט שוין גאַנץ פריה דערקענט דאָס לעבען מיט די מענשען, און האָט געטרונקען פון דעם בעכער וואָס זיין גאַנץ פאָלק טרינקט שוין טויזענדער יאָהר. אַ קינד פון דרייצעהן יאָהר און האָט שוין געמוזט שלעפּען אויף זיינע פּלייצעס דאָס שווערע פּעקעל פון צרות פאַר דער אמונה, רדיפות — פאַר׳ן יודישקייט!

דיעזע צייט האָט אָנגעהויבען אינ׳ם יאָהר 4908 דאַמאָלס זענען די אַראַבער „אַלמאָהאַדען״ בעפאַלען און איינגענומען די שטאָדט קאָרדאָוואַ און נוזר געוועזען אויף אַלע איינוואָהנער, יודען און קריסטען, זיי זאָלען אָננעהמען דעם איסלאַם, אָדער אַרויסוואַנדער׳ן פון דאָרט, אַז ניט — דער טויט! דאָס גרעסטע טהייל פון דער יודישער קהלה איז אַרויס פון קאָרדאָוואַ און זיך געלאָזט געהן וואוהין די אויגען טראָגען. צווישען די וואַנדערער האָט זיך געפונען רב מיימון מיט זיין דרייצעהן־יאָהריגען זוהן רבנו משה. און הונגער און נויט זיינען זיי אָנגעקומען אין דער שטאָדט אַלמעריאַ ביי׳ם ים, וואָס דאָרט האָבען געהערשט קריסטען; אָבער ניט לאַנג האָבען זיי דאָרט געקענט בלייבען אינ׳ם יאָהר 4911 האָבען די אַלמאָהאַדען אָנגעשפאַרט ביז אַהין אין דער פאַנאַטישער סולטאַן אַבו יַל־מומען האָט די יודען ניט געלאָזט בלייבען ביי זייער רעליגיע. רב מייכון

האָט

האט ווייטער געמוזט נעהמען דעם שטעקען אין האנד און געהן וואנדערן מיט דער גאנצער פאמיליע, זיין הויז געזונד, לעבען און צרות אין שרעק און ניט געפונען ערגעץ קיין מנוחה. דאס ביטערע לעבען האט דאך רבנו משה'ן ניט געשטערט ער זאל זיך ווייטער לערנען און בילדען. ער האט געזוכט יעדע זאך - גרונדליך אויספארשען און פארשטעהען. סיי וואס ער זעהט מיט די אויגען, און סיי וואס ער בעגרייפט נור מיט'ן שכל. ער האט ניט געקענט ליידען קיין סודות, פארבארגעניש, ער האט געשטרעבט, זיך אלעס העל און דייטליך צו דערקלעהרען. זיין לאגישער פערשטאנד האט ליעב געהאט א סדר, אנ'ארדנונג אין אלעם. און ווען ער האט זיך פארטיעפט אין די שווערסטע חקירות האט איהם זיין לויטערער שכל ניט געלאזט פערבלאנדזען. און ער האט בעלייכט אלע פינסטערע ווינקעלעך.

אין דעם רמב"ם האבען זיך פעראייניגט פיעל וויסענשאפט, לויטערע פערשטאנד, ישוב הדעת און ענערגיע. פרום איז ער געוועזן ווי דער גרעסטער צדיק, פון אזעלכעס וואס זעהט אויס ווי נארישקייטען, האט ער נישט געהאלטען, נישט געגלויבט בלינד, נאר אלעס בעטראכט מיט אפענע אויגען, אלעס זיך ערקלערט לויטער, העל און שעהן. מיט זיין פרומקייט האט זיך געפאערט זעלטענע גוטסקייט: זיינע מדות טובות, זיין זעעלע האט געשטרעבט נור צום גוטען, צו אלעס וואס איז שעהן און עדעל אין מאכט דעם מענשען עהנליך מיט זיין פיהרערכץ צו די מדות וואס דער אויבערשטער ווערט מיט זיי בעריהמט. גרעסטע פרומקייט, העכסטע חכמה און שעהנסטע מדות האבען זיך אין איהם ווי צונויפגעשמאלצען, אין פילאזאפיע איז ער געוועזן איינער פון די גרעסטע אין זיין צייט; אין פרומקייט און זיטליכקייט האט ער געהאט ווייניג זיין גלייכען, און מיט זיין חאראקטער האט ער אלע איבער געשטיגען;

דער רמב"ם האט געהאט זעהר איין ערנסטע חאראקטער: דאס לעבען האט ער נישט בעטראכט פאר א געלעגענהייט צו געניסען פון וועלטליכע פארגנוגען, נאר צו טהון עדעלע מעשים, און אויסווייזען, אז דער מענש איז גאטס עבענבילד (בצלם אלהים), ער האט פיינד געהאט אלעס וואס נידריג, וואס פארשטעלט, וואס בלישצעט אהן א אינערליכען ווערטה; דארום פלעגט ער זיך נישט פארנעמען מיט פאעזיע, און זי האט אין זיינע אויגען קיין שום ווערטה געהאט, ווייל זי איז געבויעט אויף פוסטע פאנטאזיע, אויף ליגען, ווי מען פלעגט דאמאלס זאגען: "דאס בעסטע פון א שיר איז — ליגען" (מיטב השיר כזבו) צו וואס זאל מען

פארברענגען

פארברענגען די טייערע צייט אויף אַ זאַך וואָס האָט קיין ווערטה נישט ? —

און ווי גוט, ווי זאַנפט, ווי קליין איז ער געוועזען ביי זיך! פון זיין מויל האָט זיך קיין מאָל נישט אַרויסגעכאַפּט אַ האַרב וואָרט געגען די וואָס האָבען אויף איהם געקריגט. ער האָט קריטיקירט די פאַלשע עדות, קרומע געדאַנקען און פאַלשע ווערטער; אָבער די מענשען וואָס האָבען אַרויס געזאָגט יענע עדות און געדאַנקען האָט ער בעהאַנדעלט עדעל און פיין, אפילו ווען זיי האָבען איהם שטאַרק אָנגעריהרט אָדער בעליידיגט. ער איז געוועזען אַ זעלטענער ענו. און זיין גאָלדען מויל האָט גאָר נישט געקענט אַרויסרעדען אַ שלעכט וואָרט אפילו אויף דעם קלענסטען מענשען און דעם גרעסטען שונא.

צו די אַלע זעלטענע מעלות איז צוגעקומען זיין ענערגיע, זיין שטאַרקער ווילען צו אויספיהרען און אויסוויַיזען אַלעם וואָס ער האָט אויסגעפאָרשט און ערקענט, אַז דאָס איז גוט און אמת. צרות, יסורים און אַלערליי פאַרדריסליכקייטען האָבען איהם נישט געקאָנט אַראָבפיהרען פון דעם וועג, אויף וועלכען ער איז נעגאַנגען מיט פעסטע טריט צו זיין ציעל. און זיין ציעל איז געוועזען: אַוועקשאַפען פון יודען אַלע אַבערגלויבעריַיען, אַלע נאַרישקייטען, און שטעלען דאָס גאַנצע יודישקייט, די גאַנצע יודישע רעליגיע. אַלע מצות פון דער ביבעל (תנ"ך) און פון גמרא, אַלע יודישע מנהגים און די יסודות (פונדאַמענטען) פון דער יודישער אמונה, דאָס אַלעס שטעלען אין אַזאַ ליכט, אַז די גאַנצע וועלט און די גרעסטע חכמים זאָלען זעהען ווי אמת און ריכטיג זיי זיינען! —

מיר האָבען אויבען בעמערקט, אַז רבנו משה האָט געלערענט אַלע וויסענשאַפטען פון זיין צייט; נאָר בעזונדער האָט ער זיך איבערגעגעבען פיער זאַכען: אויספאָרשען גרונדליך די ביבעל און די תלמודישע ליטעראַטור, שטודירען פילאָזאָפיע, אַסטראָנאָמיע (שטערען-זעהעריי) און דאָקטאָריע. נאָך אין זיין פריהסטער יוגענד האָט ער געשריבען פירושים אויף ש"ס, פון זיי איז אונז געבליבען זיין פירוש אויף דער גמרא „ראש השנה"; די איבריגע זענען פאַרלאָרען געוואָרען.

אַז ער איז אַלט געוועזען דריי און צוואַנציג יאָהר האָט איהם איינער פון די געבילדעטע לייט געבעטען, ער זאָל איהם שרייבען אַ ספר ווי אַזוי מען רעכענט די חדשים, און ווי מען קען וויסען ווען צו מאַכען אַן עבור יאָהר. רבנו משה האָט איהם אויפגעשריבען אַ קליין ווערקעל „מאמר העבור"

העבור" אינ'ם יאָהר 4918. דאָס ספר'ל איז קליין, פיעל נייעס איז אין איהם נישט דאָ, יעדאָך זעהט מען אין איהם ווי אין אַ שפּיגעל וואָס פאַר אַ ליכטיגען קאָפּ דער רמב"ם האָט שוין דאַמאָלס געהאַט, ווי טיעף און גרונדליך ער פאַרשטעהט יעדע זאַך, ווי לאָגיש ער דענקט און וואָס פאַר אַ שטאַרקען כח ער האָט צו מסביר זיין דעם צווייטען זיינע געדאַנקען.

אין דעם זעלבען יאָהר האָט ער אָנגעהויבען שרייבען אַ ריזען ווערק. זיין פירוש אויף משניות, אַזאַ ערנסטע, אַזאַ שווערע אַרבייט פאַר אַ יונגען מאַן פון 23 יאָהר! — די יאָהרען ווען יונגע לייט לערנען נאָך אין די שולע אָדער זיי געניסען פונ'ם לעבען — און צו דעם איז ער שטענ־דיג געווען געפּלאָגט פון צרות און נויט, געווען נע־ונד, וואו געטאָגט נישט גענעכטיגט, און ספרים צו דער אַרבייט האָט ער אויך נישט געהאַט. זיין גאַנצע הילף איז געווען דער זכרון, אין וועלכען זענען געלעגען ווי אין אַנ'אוצר ספרים פון אַלע גאונים.

אין יענער צייט האָט זיין פאָטער. רב מיימון איינגעזעהען, אַז אין שפּאַניען וועט ער קיין רוה נישט געפינען, מען יאָגט דאָרט די יודען אָהן אויפהער, האָט ער זיך מישב געווען און איז מיט זיין גאַנצער פאַ־מיליע אַוועק אין אַפריקאַ, אין דער שטאָדט פעץ. דאָס איז געווען בערך אינ'ם יאָהר 4919. וואָס איז איהם דוקא געפעלען אַפריקאַ, וואו יודען האָבען דאַמאָלס אויך געלעבט אין גרויסער נויט? — נאָר זיין נסיעה אַהין האָט געהאַט זעהר אַ גרויסען ציעל; ער איז בכיון געפאָהרען אַהין, צו טהון עטוואָס פאַר דער יודישער רעליגיע, וואָס האָט דאָרט געהאַלטען זעהר שמאָל. דער כליף (הערשער) אַבדולמומען האָט גוזר געווען, אַז אַלע יודען פון צפון אַפריקאַ זאָלען אָננעהמען דעם איסלאַם. גלייך ווי די שפּאַנישע יודען, זיי זאָלען גלויבען, אַז מחמד איז געווען אַ נביא און געהען בעטען אין די מאָשעען (מוסולמאַנישע געבעט הייזער). דורך דער גזירה זיינען אַלע יודישע שוהלען אין מאַראָקאָ געוואָרען פאַרשלאָסען, אַלע ישיבות — וויסט. דאָך זענען די יודען געבליבען פאַרבאָרגען געטריי זייער רעליגיע, און האָבען אָפּגעהיט אַלע מנהגים און מצות ווען קיינער האָט נישט געזעהען. אַזוי האָט געדויערט אַ יאָהר צעהן, ביז דער המון־עם האָט זיך צוגעוואָהנט צו דעם איסלאַם און אָנגעהויבען זיין מסופק אין זייער יודישער רעליגיע; עס האָט נישט פיעל געפעהלט זיי זאָלען פאַר־געסען די גאַנצע יודישע אמונה און בלייבען אין איסלאַם. רב מיימון האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך פאַרגענומען, העלפען יענע אָרימע אַראָפּ־

געפאַלענע

געפאלענע ברידער. שטארקען זייער בטחון און אונטערפרישען זייער האפ־נונג; דארום איז ער אהין געגאנגען. און דארט האט ער באלד אהייסגע־געבען א „טרייסט בריף" (אגרת הנחמה) צו די אפריקאנער יודען אינ׳ם יאהר 4920. ער האט דעם בריף געשריבען אראביש, און האט צושיקט קאפיען אין אלע יודישע שטעדט, כדי יעדער יוד זאל לעזען און פאר־שטעהען און בלייבען פעסט ביי זיין רעליגיע.

אויך רבנו משה זיין זוהן האט באלד נעהאט די געלעגענהייט, ארויסטרעטען צום ערשטען מאל אויף דעם קריעג־פלאטץ און ארויסווייזען זיין גבורה אין תורה, זיין ליעבשאפט צו יודישקייט און זיין בליק אין אמונה.

א יודישער למדן, וואס איז געוועזען זעהר פאנאטיש (ווי ער הייסט ווייסען מיר נישט). האט דאמאלס ארויסגעגעבען א ספר, אין וועלכען ער שרייבט, אז די יודען וואס האלטען דעם איסלאם זיינען על פי דין גלייך צו געצענדינער. דער יוד וואס זאגט אפען, אז מחמד איז א נביא, הגם שטילערהייט היט ער אפ די גאנצע יודישקייט — איז נישט קיין יוד און איז פסול לעדות פאר א בית־דין; ווער עס געהט אין א מחמדניש געבעט־הויז לייקענט אין גאט, און אז ער קומט נאכדעם א היים און דאווענט — טהוט ער נאך א צווייטע עבירה — נאך זיין מיינונג, דארף דער יוד מיט זיין גאנצער פאמיליע זיך לאזען אומברענגען, מוסר נפש זיין און נישט אננעהמען דעם איסלאם, אפילו נאר לפנים; ווייל די מחמדנישע רעליגיע איז געצענדינסט, און אויסער דעם דארף דער יוד נישט גלויבען אין מחמד, וועלכער האט אומגעהרג׳ט 25 טויזענד יודען אין ארא־ביען און אויסגעלאשען זייער לעצט ליכטעל.

דיעזע פייערינע ווערטער האבען געמאכט א שטארקען גערודער ביי די אפריקאנישע יודען: די פרומע האבען זיך שטארק דערשראקען — „זיי זיינען גאר געצענדינער, האבען קיין חלק לעולם הבא!" און דער המון, וואס איז ממילא נישט געוועזען שטארק צוגעבונדען צו דעם יודישקייט איז נאך מעהר שוואך געווארען אין זיין אמונה און האבען געטראכט: „אזוי צו אזוי זיינען מיר שוין נישט קיין יודען, לאמיר שוין נאר אין גאנצען ווערען מחמדנער!" —

רבנו משה האט געזעהן וויפיעל דיים יודישקייט קען ליידען דורך יענעם פאנאטיקער, איז ער ארויס געגען איהם מיט א ספר׳ל „אגרת השמד", געשריבען אין אראביש. דער רמב״ם איז דאמאלס אלט געוועזען

25 יאהר

25 יאָהר, דאָרט האָט ער אױפגעװיזען פון נבֿרא און פיל ספרים, אַז די יודען װאָס זײַנען נעגײַט צו טראָגען די מחמדאַנישע מאַסקע הערען נישט אױף צו זײַן יודען, װען אין האַרצען גלױבען זײ אין גאָט און תּורת משה; אַ יוד װען ער זינדיגט אפילו נעגען יודישקײט איז נאָך אַלץ אַ יוד, און בפרט װען ער איז געצװאונגען צו דעם. די יודען װאָס האָבען נקי־דינים אָבגעטער אין דער צײַט פון די נביאים, האָבען זיך אַלץ געדעכקט װי גלידער פון גאָטס פאָלק, מיר אָבער — זאָגט דער רמב״ם — מיר זײַנען קײן געצענדינער, מיר דערמאַנען מחמד׳ן נור אום ניצול צו װערען פון די רדיפות פון דעם פאַנאַטישען כליף. די מחמדאַנער בכלל זײַנען נישט קײן געצענדינער: זײ גלױבען אין אײנציגען גאָט, זײ פערלאַ־גען נור פון אונז, מיר זאָלען זאָגען, אַז מחמד איז געװען אַ נביא; װײַטער קאָנען מיר זיך אױפפיהרען װי יודען, פאַר דעם דאַרפען מיר זיך נישט מסר נפש זײַן״, א. ז. װ.

עם רמבם׳ס װערטער זײַנען געװען װי באַלזאַם אױף די פאַרװאונ־דעטע הערצער פון זײַנע אָרימע ברידער. און נישט מיט דער פעדער אַלײן, נאָר מיט װערטער און מיט אַלע מעגליכקײט האָט ער זיך בעמיהט צו שטאַרקען די יודען און זײ אױפמונטערען, זיך האַלטען פעסט אָן זײער רעליגיע, דורך דעם איז ער אַרײַנגעפאַלען אין אַ גרױסער סכנה: די רעגי־רונג האָט איהם געװאָלט אומברענגען.

די פאַמיליע מײמון האָט געזעהען זיך צו ראַטעװען, און אין אַ פינ־סטערע נאַכט זײַנען זײ אַלע אַנטלאָפען פון אַפריקאַ אינ׳ם יאָהר 4925 האָ־בען זיך געזעצט אין אַ שיף צו פאָהרען נאָך ארץ ישראל.

זעקס טאָג זײַנען זײ געפאָהרען בשלום. נאָר אױפ׳ן זיבעטען טאָג איז געװאָרען אַ שטורעמװינד, און די שיף האָט געהאַלטען פיעל מאָל בײַ׳ם אונטערגעהן. רבנו משה האָט אַ נדר געטהון, אַז װען גאָט װעט איהם מציל זײַן װעט ער פאַסטען אַלע יאָהר אין דעם 4־טען און 10־טען איר. און גאָט האָט זײ געראַטעװעט. דען 3־טען סיון זײַנען זײ געקומען בשלום צום ברעג עכו, און דעם טאָג האָבען זײ געמאַכט אױף שטענדיג פאַר אַ יום טוב.

אַ האַלב יאָהר זײַנען זײ געזעסען אין עכו, און אינ׳ם 4־טען חשון 926 אין אלף החמישי זײַנען זײ אװעק אין ירושלים. דרײַ טעג זײַנען זײ אַרומגעגאַנגען אױף די אַלע הײליגע ערטער, זיך אױסגעװײנט אױף די

הײליגע

הייליגע קברים. נאָכדעם איז רבנו משה אַוועקגעפאָהרען מיט דער פאַמיליע אין מצרים.

---

## ב.

### רב מיימון און רב דוד׳ס טויט — דער רמב״ם ווערט דאָקטאָר. — ענדיגט זיין פירוש אויף משניות. — „אגרת תימן״. — „יד החזקה״. — ספר המצות. — זיין שטאַנד און ווירקונג ביז דעם יאָהר 4918.

קומענדיג אין מצרים האָט זיך די פאַמיליע מיימון בעזעצט אין דער שטאָדט „אַלט־קאַיראָ״ (פאָסטאַט). עטליכע חדשים שפעטער איז רב מיימון געשטאָרבען (אָנפאַנג 4927) און פיעל יודישע קהלות פון שפאַניען און אַפ־ריקאַ האָבען געשיקט רבנו משה׳ן טראָסט בריף אין זיין אומגליק.

טרויעריג אָבער רוהיג האָט נאָכדעם געלעבט די פאַמיליע: זי האָט געהאַנדעלט מיט טייערע שטיינער, בריליאַנטען, דאָס געשעפט האָט גע־פיהרט דער יונגערער ברודער ר׳ דוד, און פלעגט מאַכען נסיעות ביז אינדיען, און רבנו משה איז געזעסען אין דער היים און זיך פאַרטיעפט אין תורה און וויסענשאַפט. נאָר ניט לאַנג האָט ער געקענט אַזוי אָבגעזונ־דערט לעבען: נייע צרות און זאָרגען האָבען איהם אַרויסגעריסען פון זיין שטילער וועלט, און פאַרשטערט זיין רוה: דער ברודער ר׳ דוד איז דערטרונקען געוואָרען אויף דעם אינדישען ים, און מיט איהם איז אַריין אין התהום זייער ביידענס פאַרמעגען. און אויך פרעמד געלט, וואָס מ׳האָט איהם געגעבען פוהרען דאָס געשעפט. ווי אַ דונער האָט דאָס געטראָפען דעם רמב״ם, פון גרויס האַרצוועהטיג איז ער קראַנק געוואָרען און איז אַ קהלעכדיג יאָהר געווען אוים מענש.

און איין צרה רופט די אַנדערע. אין דער איינענער צייט האָט ער אויף זיך געהאַט גרויסע מסירות. אַז ער רעדט אָפּ די יודען פון דער מהמדאַנישער רעליגיע, און ניט פיעל האָט געפעהלט מען זאָל איהם אומברענגען, — און צו דעם האָט ער געהאַט דאגת פרנסה: פאַר זיך, און פאַר דעם ברודערס אלמנה מיט אַ יתומה — אין אַ פרעמד לאַנד?

עס איז לײַכט זיך פאַרצושטעלן, אין װעלכער לאַגע דער רמב״ם האָט זיך דעמאָלט געפונען.

נאָר זײַן שטאַרקער בטחון אויף גאָט האָט איהם ניט געלאָזט װערען אָבהענגיג, כאָטש האָט זיך אין איהם אויפגעװעקט זײַן ענערגיע, און ער האָט גענומען אַרומזוכען, װי צו קריגען פּרנסה. אַ צײַט איז איהם צו נוטץ געקומען די דאָקטאָריע װאָס ער האָט געקענט. ער האָט אָנגעהויבען הײלען קראַנקע און האָט געהאַט פון דעם זײַן חיונה בצמצום, װײַל ער איז נאָך ניט געװען בעקאַנט און האָט זעהר װעניג פּראַקטיק געהאַט.

ער האָט זיך אָבער געלאָזט בעגוגען מיט װעניג, און זײַן גאַנצען כח האָט ער דאַמאָלס אַרײַנגעלעגט אין זײַן פּירוש אויף משניות װעלכען ער האָט אָנגעהויבען שרײַבען, װען ער איז אַלט געװען 23 יאָהר. יעצט האָט ער אין איהם פלײַסיג געאַרבײַט, און אין׳ם יאָהר 4930 האָט ער איהם געענדיגט.

דער פּירוש איז געשריבען אין דער אַראַבישער שפּראַכע, װײַל דאָס רוב יודען אין שפּאַניען, מצרים. און גאַנץ אַפריקאַ האָבען דאַמאָלס גערעדט אַראַביש, און ער האָט געװאָלט, אַז יעדער יוד זאָל פאַרשטעהן אפילו דער-װאָס קען קײן גמרא.

זײַן פּירוש הײסט „אַל־סיראַג״, ד. ה. דער בעלײַכטער, און ער בעלײַכט טאַקע די אויגען פון די װאָס לערנען אין איהם. ערשטענס ער-קלערט ער יעדע משנה קורץ און דײַטליך, לאַגיש און מיט אַ סדר, אַזוי װי ער האָט ליעב. צװײַטענס פיהרט ער אויס נאָך יעדער משנה דאָס רעזולטאַט: דעם דין װאָס שטאַמט פון איהר אַרויס. דריטענס מאַכט ער לײַכטער צו פאַרשטעהען די גמרא. װעלכע איז דאָך אויך נור אַ פּירוש אויף דער משנה.

פיערטענס בעשטרעבט ער אין יעדען אָרט, צו מאַכען אויפמערקזאַם אויף מאוסע מדות און פאַלשע געדאַנקען, װאָס ער האָט געזעהן בײַ זײַנע ברידער. למשל: אין אײן אָרט זאָגט ער, אַז די מענשען װאָס גלויבען אין קמיעות און סגולות זײַנען משוגעים, אין אַנ׳אַנדער אָרט קריטיקירט ער די טיטלען װאָס מען שרײַבט אויף מענשען. דאָס קלײַנסטע רבי׳לע אָדער אַ פּראָסטער מלמד האָט אַ טיטול „גאון״! נאָך אין אַנ׳אָרט שטראָפט ער די, װאָס מאַכען די תורה פאַר אַ פּרנסה, אָדער זײ זאָגען: „איך בין אַ שעהנער יוד, האַלט מיך אויס!״.

דער רמב״ם ערקלערט די משנה פיעל מאָהל מיט הילף פון װעלטליכע

חכמות

חכמות, מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע, פיזיק, אַנאַטאָמיע, באָטאַניק, עטהיק (חכמת המוסר) און פילאָזאָפיע.

אינ׳ם יאָהר 4932 איז דער גוטער סאַלאַדין געוואָרען רעגירער אין מצרים, צו איהם האָט געקעהרט אַ טהייל פּלשתינאַ, סיריא, בגדד מיט אַלע לענדער בײ׳ם טײך פרת. יודען האָבען בײ איהם שפּעטער געהאַט רוה, גור אָנפאַנגס זײנען אויף טהייל ערטער געווען מרידות, ווי למשל: אין דרום אַראַביען (תימן, יעמען). צווײ טוזענטער האָבען דאָרט רעגירט און האָבען געצוואונגען די יודען אָדער מחמדאַנער אָדער געטײט צו ווערען. זײ האָבען געטהון דאָס זעלבע וואָס אין אַפריקאַ און דרום שפּאַניען; זײ האָבען לפנים געגלײבט אין מחמד, און בסוד געבליבען יודען.

עס זענען אָבער פיעל עם־הארצים געוועזען, און זײ איז זעהר לײכט געווען צו פערגעסען דאָס יודישקײט. פון וועלכען זײ האָבען אַ גאַנץ קלײנעם בעגריף, בפרט אַז עס האָט זיך נאָך געפונען אײנער, וואָס איז אַרומגעגאַנגען און געדרשה׳ט פאַר זײ, אַז מחמד איז טאַקע אַ אמת׳ר נביא, ער שטעהט דערמאַנט אין דער תורה. און נאָך האָט איהם געשיקט איבערבײטען די רעליגיע פון באַרג סיני אויף דער רעליגיע פון מעקקאַ.— דערצו איז אַ משוגענער, צו אַ בעטריגער, אַרומגעפאָהרען, און געזאָגט אַז גאָט האָט איהם געשיקט אָנזאָגען, אַז באַלד קומט דער גואל, אַז די צרות זענען חבלי משיח, זאָל יעדערער צוטהײלען זײן פערמעגען אָריטע לײט און זײן בערײט מקבל־פנים זײן משיח׳ן, די געבילדעטע לײט האָבען אײנגעזעהן, אַז דורך דעם פאַלשען נביא קענען יודען אַרײנפאַלען אין אַ גרויס אומגליק, האָבען זײ געשיקט אַ בריף צום רמב״ם, ער זאָל זײ אַנ׳עצה געבען ווי צו העלפען זיך, דער רמב״ם האָט זײ געענטפערט מיט זײן בערימטען בריף „אגרת תימן״. ערשטענס טרײסט ער זײ, אַז ניט ווײל גאָט האָט זײ אַוועק געוואָרפען שיקט ער אויף זײ אַזעלכע צרות, נור פאַרקעהרט, ווײל ער ליעבט זײ. ווײטער זאָגט ער: די פעלקער וועלכע האַסען און דריקען אונז, טהוען עס ניט ווײל מיר זײנען פערדאָרבענע מענשען; זײ קענען גאַנץ גוט אונזערע מעלות, אונזער עהרליכקײט און מדות, נור זײ זײנען אונז מקנא, ווײל מיר זענען קלוג, און פעהיג, ווײל מיר האָבען אַזאַ רײנע רעליגיע און טראָגען די אידעע פון אמת, ווײטער מיה איז אָבער אומזאָנסט: גאָט וועט זײן פאָלק ניט פאַרלאָזען, צײט מיר האָבען מקבל געווען די תורה שטעהען אויף אונז שונאים,

די

די מיט'ן שווערט, די מיט דער פעדער, מיט גזרות — זיי ווילען אונז אונטערדריקען, ערטטיקען. נור גאט לאכט פון זיי, ער רעטעט זיין פאלק צו אלע צייטען. —

די אלע צרות וואס מיר ליידען האבען פאר־אויס געזעהען אונזערע נביאים, און זיי האבען געזאגט, אז עס וועט קומען א צייט ווען די אמת וועט מנצח זיין און יודען וועלען געהאלפען ווערען! —

ווייטער רעדט דער רמב״ם איבער אונזער אמונה און די וועלט רעליגיאנען בכלל. דער נאך ווייזט ער אויס מיט ראיות ברורות, אז דער נביא איז א פאלשער, אז קיינער קען נישט וויסען בעשטימט ווען משיח דארף קומען; אז אפילו די נביאים האבען דאס נישט געוואוסט, אז שטענדיג ווען עס האט זיך אין גלות געוויזען א פאלשער משיח האט ער יודען געבראכט נאר צרות און אומגליק. צום סוף בעט ער די יודען פון תימן, זיי זאלען זיך היטען, די מוזעלמאנער זאלען זיך נישט דערוויסען פון דעם בריף עס זאל דורך דעם נישט ארויסקומען קיין בייז, „איך אליין, איך שרייב דען בריף מיט מורא, נאר וואו עס גייט וועגען כלל ישראל דארף מען נישט קוקען אויף איינענער סכנה“.

דעם רמבם'ס ווערטער האבען ערקוויקט די פארוואונדעטע הערצער פון די יודען אין תימן, געעפענט זיי די אויגען און אריינגעגעבען בטחון און האפנונג. שפעטער, ווען דער רמב״ם איז געווארען בערימט און א קרוב למלכות, האט ער זיך פאר זיי אנגענומען ביי דעם סולטאן סאלאדין און זיי ארויסגענומען פון דער ביטערע לאגע. און זיי האבען איהם געליעבט און געשעצט און געבעטען גאט פאר זיין לעבען אינ'ם דאווענען, פריה און אויף דער נאכט; אין'ם קדיש האבען זיי געזאגט: בחייכון וביומיכון ובחיי דמרנא משה וכו'.

אין 4936 יאהר איז דער רמב״ם שוין געווען בערימט פאר א גאון אין אלע לענדער, אלע גרעסטע לייט האבען זיך צו איהם געווענדעט מיט שאלות, ער האט יעדען געענטפערט, קורץ, טרעפליך, לאגיש און בנעימות.

צוויי יאהר שפעטער איז ער געווארען רב הכולל אין קאירא, דאס האט איהם געגעבען מעגליכקייט, ער זאל איינפיהרען אין שטאדט פיעל גוטע זאכען, אוועקשאפען אלע שאנדליכע מנהגים, איינפיהרען ארדנונג אין די שולען, און בכלל אויסבעסערען דעם [illegible] שטאנד פון דער גרויסער קהלה. ער האט בעווערט דאס ארויסלויפען און געשעפטען

סאבען

מאַכען אין שוהלען, ער האָט איינגעפיהרט, אַז דער חזן זאָל זאָגען די תפלה הויך אויף אַ קול און אַלע זאָלען איהם צוהערען, און נישט מאַכען די שוהל ווי אַ מאַרק צום האַנדלען און פלוידערין.

דער רמב״ם האָט אויך געגרינדעט אַ גרויסע ישיבה, און געלערנט מיט תלמידים תורה און חכמה. די שילער האָבען איהם געליעבט און געשעצט ווי אַ פאָטער, און ער האָט זיי ווי קינדער געהאַלטען. אויסער דעם פלעגט ער אַלע שבת דרשה'נען פאַר'ן המון־עם מוסר און תורה, און אַלץ אומזיסט.

פרנסה האָט ער געהאַט פון דער מעדיצין. פראַקטיק האָט איהם שוין יעצט נישט געפעהלט, ער איז שוין געוואָרען בעקאַנט פאַר אַ גרויסען דאָקטאָר.

הגם ער איז געווען גאַנצע טעג פאַרנומען מיט פסק'ן שאלות אויס־הערען דין־תורות, פיהרען די שטאָדט, די ישיבה, היילען קראַנקע, פילוסופיא, נאַטורוויסענשאַפט און נאָך פיעל זאַכען, האָט ער נאָך צו דעם אַלעם געשריבען און געענדיגט דאָמאָלס (כסליו 940 פון אלף החמישי) אַ ווערק, וועלכעס איז דאָס גרעסטע און דאָס וויכטיגסטע פון אַלע זיינע ספרים, דאָס איז זיין „משנה־תורה" אָדער „יד החזקה", צעהן יאָהר האָט ער ביי איהם געאַרבייט. אין דעם ספר האָט דער רמב״ם כולל געוועזען דאָס גאַנצע יודישקייט, אַלע דינים, אַלע מדות דען גאַנצען יודישען מוסר.

דער ספר הייבט זיך אָן: „דער הויפט גרונד און די זייל פון אַלע חכמות איז צו ערקענען, אַז ס'איז דאָ איינער, וואָס האָט בעשאַפען אַלעס. דער איינער איז נישט קיין קערפער, איהם קען נישט טרעפען אַזעלכעס וואָס טרעפט אַ קערפער, און אונזער מחשבה קען איהם גאָר נישט בעגרייפען; און ענדיגט זיך מיט די ווערטער: עס וועט קומען אַ צייט, וועט די ערד פול ווערען מיט חכמה, ווי דאָס וואַסער בעדעקט דען ים" — אויפ'ן גאַנצען ספר שוועבט אַ גייסט פון חכמה, ריינע אמונה און מוסר; אין דעם ספר וויזט ער אויף, אַז די אמונה אין כשוף, שדים, קמיעות, מזל, א. ד. ג. איז אָסור ע״פ דין, און נאַריש און פאַלש.

אין דער פאָררעדע זאָגט דער רמב״ם די אורזאַכע וואָס האָט איהם בעוועגט צו שרייבען דען ספר. ער האָט געזעהען, אַז די צייטען ווערען שלעכט, די צרות — גרויס, די פרנסה — שווער, דער קאָפּ איז דער־שלאָגען — און די גמרא איז ווי אַ ים מען קען אין איהר פאַרפאַלען

ווערען

ווערען; אויף יעדען דין איז דא לאנגע און טיעפע פלפולים, און זעלטען עסיץ האט נענוג קאפ און צייט אויסקלויבען פון דארט די אלע דינים, ווערכע זיינען נעטיג אין לעבען, און עס בלייבט נישט א פרייע שעה פאר וזכמות, וואס אהן זיי קען קיין מענש נישט לעבען; דארום האט ער גע־שריבען זיין „משנה תורה", אין וועלכען עס געפינען זיך קלאר און דייטליך אלע מצות, אלע דינים, אלע מדות טובות און די גאנצע אמונה.

דער רב, וואס בעדארף יעדען טאג ענטפערען אויף אלערליי שאלות און דין־תורות; דער פרומער וואס וויל וויסען ווי מען בעדארף זיך אויפפיהרען פאר גאט און לייט: דער וויסבעגיריגער, וואס זויל וויסען וואס עס איז דער תוך פון דער גמרא — וועלען נישט ברויכען זיך ארייגלאזען אין דעם גרויסען וואלד און קריכען צווישען די פארוויקעלטע צווייגען. אין זיין ספר וועלען זיי האבען אלעס פאר די אויגען, קלאר, דייטליך, און קורץ, און עס וועט זיי נאך געגוג צייט בלייבען צו לערנען אנדערע חכמות.

גרויס אויפמערקזאמקייט ציהט אויף זיך דער **הלכות דעות** וואס דער רמב״ם האט אנגעשריבען אין זיין ספר „משנה תורה", ווי אזוי דער מענש דארף זיך פיהרען מיט זיינע דעות, מיט זיינע מדות. און אויך ווי אזוי דער מענש זאל זיך פיהרען וועגען אלע זיינע קערפערליכע בעדארפעניסען, עסען, טרינקען, שלאפען א. ז. וו., עס זאל אלץ זיין היגיעניש לויט חכמת הרפואה. דער „הלכות דעות" דערלייכט די אויגען פון אלע קלאסען מענשען. דאס האט נישט דער רמב״ם אנגעשריבען דוקא פאר לומדים, נאר פאר אלע מענשען, פון קליין ביז גרויס. בקיצור די ווערטער פון „הלכות דעות" זענען פאר יעדען מענש א **רפואת הנפש** און אויך א **רפואת הגוף**. דאס איז די ליכטיגקייט פון מענשהייט.

פריהער נאך האט ער געשריבען א קליין ספר מיט דעם נאמען „ספר המצות", אין וועלכען ער צעהלט אויס אלע תרי״ג מצות: עס איז פאר לומדים זעהר וויכטיג, אבער פאר׳ן גאנצען פאלק איז דער „משנה תורה" וויכטיגער; ער האט מיט איהם געמאכט א נייע עפאכע ביי יודען. עס איז באלד ווי א בליץ דורך געפלויגען אלע לענדער און געבראכט ליכט און נייעס לעבען אינ׳ם יודענטהום. מען האט איהם באלד איבערגעשריבען אין טויזענדער עקזעמפלארען און פארשפרייט אין אראביען, פלשתינא, גאנץ מארגענלאנד. אפריקא, שפאניען, פראנקרייך, איטאליא, און בכלל וואו עס האט זיך געפונען א יודישע קהילה, איבעראל האט מען איהם

דיא רפואות, (מעדעצינען), דער כלל איז איך פין זייער פערנומען מיט מיין דינסט ביין מלכות, דען אלע טאג מוז איך ביא אים זיין ביז נאך האלבע טאג ווען אפילו אלע זיינען געזונד, און פאר דיא צייט טאר איך ניט גיין אהיים אין מצרים, און אויך אונגער איך אלע טאג ביז איך קום אהיים, און ווען איך קום שוין אהיים געפין איך אין קאלידאר פון מיין הויז פילע מענשין קראנקליכע וועלכע ערווארטען אויף מיין קומען, אונטער זייא געפינען זיך אלע קלאסען מענשין. יהודים, אראבער, הויכארטיגע מענשין און אויך נידער-קלאססיגע מענשין אויך ריכטער און בעאמטע, איין פערזאמלונג פון אלע ארטין מענשין, איך גייא אראפ פון מיין זאטעל, און וואש זיך אראם און גייא ארוים צו דיא מענשין וועלכע ערווארטין מיר, אום צו בעטין פון זיי פערצייאונג (מחילה) אויף זייער עהרע וואס זייא ווארטען אזוי לאנג, און איך בעט זייא, זייא זאלין מיר ערלויבען עטוואס צו געניסען אין מיין מויל, אום צו קרעפטיגען זיך עטוואס, און דער עסען איז ביא מיר געווען איין מאל אין טאג, און איך גייא ארוים זייא אלע צו היילען, און צו געבין זייא רעצעפטין און מעדיצין צוא זייער קראנקהייט, און אזוי פלעגין ארויס גיין און אריין גיין קראנקע ביז צו דער נאכט, אפילו ביא נאכט קומען צו מיר מענשין צו לערנין מיט זייא חכמת התורה, און איך לערין מיט זייא און איך ערקלער זייא גרויסע און טיפע ענינים, און ווען איך לערין מיט זייא קען איך ניט זיצין און ניט שטיין פון פיל שלאפקייט פון מיין טעגליכע מיהע, נאר איך מוז ליגען אויף דעם רוקין איך לערין מיט זייא אזוי פיל ביז איך ווער מיד דאס איך קען שוין קמעט ניט ריידין מיט מיין מויל דאס איז מיין ארבייט אלע טאג, דאפאן קענסטו פאר שטיין דאס עס איז אונמעגליך דאס איין מענש זאל קענין מיט מיר זיך צו זאמען אייניגען אין איינזאמקייט אום צו צו בריינגען אין פערגעניגען פון חכמת התורה און פילוסופיא נאר שבת'דיגען טאג, און אפילו שבת'דיגין טאג בין איך פאר טאג מיטען עולם, דען תיכף נאך דעם דאווענען אין דער פריא

קומט

קומט דער גאנצער קהל אדער דער רוב קהל צו מיר אין הויז אונ איך לערין מיט זייא , אונ איך ווייז זייא אגלייכע וועג וויא זייא זאלן זיך פירין דיא גאנצע וואך וואס וועט קומען , סייא אין געטליכע זאכין סייא אין וועלטליכע זאכין צו פירען זיך (על פי התורה) וויא דיא תורה לערינט אונז , אונ אזוי לערנין זייא ביי מיר ביז האלבען טאג, אויך נאך מנחה קומען אויך אנדערע מענשין צו הערין פון מיר גוטע לעהרונג אין חכמת התורה, אונ אזוי פאר ברייניגין זייא ביז מעריב , דאס איז דיא ביאגראפיע פון מיינע טעגליכע ארבייט, וועלכע איך בין צו זייא צו געוואוינט, נון ליבער פריינד קענסט שוין פאר שטיין אז דיין קומען צו מיר איז זייער ווייט עס זאל זיין צום נוצין פון דיין באנגער צו פאר ברייגגין מיט מיר אין פערגעניגען פון שפרעכונג אין חכמה אונ פילוסופיא, דען דאס וואס איך האב דיר דער ציילט מיין ביאגראפיע פון מיין ארבייט אלע טאג איז דאס איין מקצת פון מיין פיהל מיהע וואס איך האב, וויא דוא וועסט אליין זעהן ווען דוא וועסט קומען צו מיר מיט דיא הילף פון דעם בורא ית׳ , אונ ווען דוא וועסט ענדען דעם פירוש אונ דיא העתקה (איבער זעצונג) פון מיין ספר „מורה נבוכים“ ווארום וויל דוא האסט אן געהויבין מעתיק צו זיין ביזט דוא שוין בעשולדיגט צו ענדען , וויא דיא גמרא זאגט „המתחיל במצות אומרים לו גמור“ דאן זאלסטו קומען מיט פרייד אונ מיט ניזאנג צו מיר אבער נאר צו זעהן זיך פערזאנליך (פנים אל פנים) אום צו פרייען זיך מיט פערגעניגין פון אונזער פריינדליכין אונ ליבליכין זעהן זיך אבער ניט פון נוצבארקייט אום צו לערנין צו זאמען חכמה וויא דוא פערלאנגסט , וייל מיין צייט איז מיר זייער אייגנ דארויף וויא איך האב דיר געשריבין , עכ״ל, ביז אהער איז דער בריף פון רמב״ם וואס ער האט געשריבין צו ר׳ שמואל אבן תבון ז״ל. — ליבע לעזער פון דיזין בריף קענין מיר גוט בעמערקין אונ פאר שטיין דיא גרויסקייט פון רמב״ם. דען דיא ער איז גיוועזן אזוי א טרוד , א דאקטאר ביים קייזער , א גרויסער אנ-פירער ביי אידען, אונ איז גיוועזן שטענדיג פאר מאטערט אונ

שוואכע

שלאף פון זהאַרעןאונגע וויא ער שרייבט אין זיין בריף פון דעסט וועגין האט ער מיט פיל אידען געלערנט חכמה מונדליך אונ אויך געמאכט אַזעלכע גרויסע חבורים וואס מיט זייא האט ער אויף געעפענט דיא טויערין פון דער תורה אונ האט ערלייכטין מיט זיין לייכטיגע חכמה אלע אירע וועגין בכדי דיא וואס ווילין זיין אידען זאלין ניט געשטרויכעלט ווערין אין שלעכטע גידאנקין אונ אלע זאלין זעהין דיא תורה מיט ליכטיגע אויגין אונ מיט אגטין פאר-שטאנד, דארום האט ער גימאכט דעם קלוגען אונ טיפען ספר „מורה נבוכים" צו לערנין זיין פאלק דיא גרונדין פון דת, אונ אמונה, אונ האט גימאכט פערצעהן ספרים וואס אלע אין כלל רופין זיך ספר „יד החזקה" צו לערנין זיין פאלק מיט אליכטיקייט דיא תורה אונ מצות:

ולעת זקנתו) אין דיא צייט פון זיין עלטער זעהט מען פון זיינע הייליגע כתבים אז ער האט זוכה גיוועזען צוא דיא הייליגע מעלות אונ דיא איידעלע הרגשות וואס עס האבין זוכה גיוועזען צוא דעם דיא גרויסע צדיקים אונ אונזערע הייליגע נביאים, השי"ת האט אים מטעים גיוועזען (גיגעבין צו פאר זוכין) פון דעם זיסן אונ צימליכן תענוג פון גן עדן נאך פאר זיין לעבין. *)

תעלה) אונ אין דעם יאר תתקס"ה מאנטיג ב' טבת אין דעם זיבצינגסטין יאר פון זיין לעבין (אין לאנד מצרים) איז זיין הייליגע נשמה ארויף צוא איר באשעפער זעטינין זיך דארטין פון דיא פארגעניגין וואס ער האט זיך אן גיגרייט אין דעם פארלויף פון זיינע זיבציג יאר לעבין — עס האבין אים באוויינט יודין אונ קריסטין וויא טעג נאך אנאנד, דעם גאנצע יאר האט מען גיטרויערט אויף אים, אונ אין דער גאנצער וועלט וואו עס איז נאר אן געקומען

דיא

---

*) כמ"ש למען ירבו ימיכם וימי בניכם על האדמה כו' כימי השמים על הארץ (אין היפילטין לעבין אויף דיזע וועלט) כ"פ בהכתב והקבלה ע"ד מאחז"ל (ברכות יז) עולמך תראה בחייך, וע"ד מאה"כ ומל ה"א את לבבך כו' ופי' הרמב"ן ויעדי ה"א יה עספות לבך כו' לאהבה את ה"א כו' למען חייך פי' כדי שתראה חיים נעימים ומתוקים.

דיא שרעקליכע נאכריכט האט מען גיפאסט אונ גיזאגט גרויסע הספדים, — אויפן אכטן טאג איז אן גיקומען דיא שרעקליכע נאכריכט אין ירושלים האט מען גוזר תענית גיוועזן אזוי וויא תשעה באב אויף החרבן ירושלים אונ מיא האט זיך צוא זאמען גיקליבן אין דיא שולען אונ גילייענט דיא תוכחה אונ דער מפטיר האט גילייענט אין שמואל פ"ו ויהי דבר שמואל אונ גיקאנצעט (כי נלקח ארון אלקים) עס איז צוא גינומען גיווארן דער היליגער ארון (ד"ה. דער היליגער טף וואס אין אים איז גילעגן דיא גאנצע תורה אזוי וויא דיא לוחות אין ארון הקדש) :

ואחר ימים) אין איניגע טעג ארום האט מען אים גיטראגן אין זיין ארון פון מצרים קיין ארץ ישראל מקבר זיין (אזוי וויא יעקב אבינו ע"ה) זיינען באפאלן אבאנדע רויבער אויפן וועג, זיינען אלע מענשין צו לאפין אונ גילאזין זיין ארון ביא די גזלנים האבן דיא גזלנים גינומען דעם ארון אונ גיוואלט אריין ווארפין אין ים אבער עס האט זייא ניט גיגליקט זייא האבין אים ניט גיקענט רידין פון ארט, זייא האבין זיך גיפאטערט אלע (א באנדע פון דרייסיג מאן) מיט אלע קרעפטין אונ דער ארון האט זיך גיט גירירט פון ארט, וויא די גזלנים האבין דער זעהן דיא שרעקליכע סצענע זיינען זיי גאר אויסער זיך גיווארין אונ זאגן איינע צו די אנדערע דאס איז בוודאי זייער א היליגער מאן, זיינען זיי גיגאנגען אונ צו זאמען גירופין דיא אידין אונ האבין זייא גיבעטין רחמים זייא זאלין אים פירין אין זיין רוהע, אונ דיא גזלנים האבין אים באגלייט די גאנצע וועג אונ מיא האט אים גיבראכט קיין טבריה אונ מקבר גיוועזן לעבין דיא היליגע אמוראים ר' יוחנן אונ רב כהנא :

ובנו) זיין זון ר' אברהם איז דענסט מאל אלט גיוועזן צוואנציג יאר, ער איז גיוועזן א גרויסער גאון אונ א צדיק האט מען אים אויף גענומען אין מצרים פיר א האר איבער זייא, אונ נאך אים איז גיוועזן זיין איינקיל ר' דוד אויך א גרויסער חכם אונ אשר נכבד ער האט מחבר גיוועזן זיין ספרים אויף תורה אויך א פערטער אונ א פינפטער דור זיינען באוואוסט פיר גאונים אונ צדיקים, אויך אים

איז מקיים געוואָרן דער פסוק (תחת אבותיך יהיו בניך תשיתמו לשרים בכל הארץ) ד. ה. דיינע קינדער וועלין באטרעטין די שטעלע פון זייערע עלטערן און וועלין זיין הארין אין דער וועלט. השי"ת זאל אונז מיט אונזערע קינדער מזכה זיין צו לערנען זיינע הייליגע ספרים און מקיים זיין וואס אין זיי שטייט און מיר זאלין אים זוכה זיין צו זעהן בעת תחיית המתים ב"ב אמן:

# צוואת הרמב"ם ז"ל

נדפס בליפה"ק (בסוף ספר „לקח טוב" לר' אברהם יצ"ל ז"ל) בשם מוסר נאה מאד מאד מהרמב"ם ז"ל לבנו הרב החכם ר' אברהם ז"ל.

אברך איך טוא לויבין השי"ת וואס ער האט מיר די עצה גיגעבין (איך זאל אים מקבל זיין צו דינען אים) אונ אין דיא אמתע וועג האט ער מיר גיפירט, דיינע גינאדע טוא איך דער מאנען אויף אלע טטעס וואס ער האט מיר פאר גיעלטינט, ער האט מיר געשטראפט מיט יסורים אום מיך צו לייטערין פון מיינע זינד אבער צום טויט האט ער מיר ניט איבער גיענטפערט, מיט זיין רעכטע האנד האט ער מיר אן גענומען אונ אונטער דעם שוטץ פון זיין האנד האט ער מיר באהאלטין (בעת עס איז גיקומען פורעניות אויף דער וועלט), פון דיא לידונג פון גלגל (ד. ה. די וועלט וואס דרייט זיך וויא א גלגל) האט ער מיר ארויס גיצויגען, אונ פון זיינע אום קערונג (וואס דיא וועלט דרייט זיך פון רייך אויף ארעם, פון גליק אין אונגליק) האט ער מיר גירעטעט, אין דעם מיגיל פון דער צייט האט ער מיר גילייטערט, אונ פון דיא שווארצקייט פון יונגשאפט האט ער מיר ווייס גימאכט, אונ פון דיא יוגענט ווילדיקייט האט ער מיר אפ גישייט, פון דיא מלחמה פון יצר הרע האט ער מיר בארוהיגט אונ האט אן גישריען אויף דעם נחש וואס האט מיר אן גירעט צוא שלעכטס, אונ פון זיינע זיסקייט האט ער מיר געמאכט פאר זוכען, אונ פון דער ערד האט ער מיר אויף גישטעלט, אונ מיט גרויס ארטיגע אדיל לייט האט ער מיר גיזעצט, דיא טעג האבין מיר גילערינט, אונ דער נסיון האט מיר גיקליגט אונ דיא צייט האט מיר מבדר גיוועזען (ערקלערט דיא טטע וועג), אונ ביז יעצט (ביז דיא מדרגה וואס איך האלט יעצט) האט ער גיבענטשט אונ מחיה גיוועזן, פון דעם צווייטין האט ער מיר גימאכט פאר שטענדיג אונ ער האט מיר געמאכט פאר שטיין איך זאל וויסען דעם אונטערשייד צווישין גוטס אונ שלעכטס, אז אין זיין האנט איז מיין ענדע האט ער מיר געמאכט וויסין, אבער איך אליין ווייס ניט ווען מיין צייט איז צוא שיידין זיך פון דער וועלט, דרום זיין ליבשאפט האט מיר ער-וועקט, לאזין צוואה מיינע קינדער וואס ער האט מיר הונן גיוועזן

אז זייא זאלין היטין נאטעס וועג, אונ לערנען זייא דיא חכמה וואס ער האט מיר גילערינט, אונ מאכין זייא ארבין דאס וואס ער האט מיר גמאכט ארבין, איידער ער וועט מיר צוא זיך רופין, אונ זיין כבוד וועט מיר צוא אים איין זאמלען.

שמעוני בני, הערט מיר צו מיינע קינדער, איר זאלט זיין גיבענצט פון גאט דער באשעפער פון הימיל אונ ערד, ער זאל אייך בענטשין הימלס ברכות (ד. ה. אלע גוטעס וואס דער הימיל טהוט געבין אויף דער וועלט), ער זאל אייך בענטשין דאס אבגרונד בענטצונג (ד. ה. אלע בענטצונג וואס דער אבגרונד טוט געבין אויף דער וועלט), אויך זאל ער אייך בענטשין מיט פריידען צו געבירען קינדער (ד. ה. דיא פרויען זאלין גרינג געבירען), אונ זייא גוט צוא ערנערין, עס זאל קיין מאל ניט פעליג זיין זייער שפייז, שטארקט זיך צו זיין מענטשין, פירכטעט זיך פאר אייער גאט, דער גאט פון אייער פאטער, דער גאט פון אונזערע עלטערין אברהם יצחק ויעקב, אונ דינט אים מיט גאנצע הארץ מיט ליבשאפט (ד. ה. זיין ליבשאפט זאל ערפילען אייער גאנצע הארץ) ווארום יראת בריינגט זהירות (צוא זיין אפ גיהיט פון זינד) אונ אהבה בריינגט זריזות (גישווינדיגקייט צוא מצות), איר זאלט וויסין אז גאט וועט בריינגען צום משפט אלע מעשים פון מענטשין סייא וואס ער טוט בגלוי (אנדעקט) סייא בנעלם (פאר באהאלטענערהייט) ד. ה. ער טוט עבירות מענטשין זאלין ניט זעהען, אדער ד. ה. סייא וואס ער טוט מיט דיא אברים וואס זיינען אנדעקט אונ סייא וואס ער טראכט אין דיא גידאנקען אויף גוטס סייא אויף שלעכטס (ד. ה. השי"ת וועגט אלין סייא בייא אמצוה סייא בייא איין עבירה ח"ו מיט וואס פאר אזריזות אונ מיט וואס פאר איין חשק אונ מיט וואס פאר אשמחת מיא האט גיטאן דיא מצוה אדער דיא עבירה ח"ו), דער וואס פירט זיך אין אגוטע וועג צאלט אים השי"ת דיא פירות פון דיא מצוה בעוה"ז, אלע וואס זעהען אים, לויבין אים, אלע וואס קענען אים רימען אים, ווייל איז יענעם וואס ער פירט זיך אין גוטין וועג צוא גאט אונ צוא לייטין, אונ אז עס וועט ערפילט דער צאל פון זיינע

טעג, בעת ער נעמט אפ שייד פון דער וועלט פרייט ער זיך מיט זיינע גוטע מעשים און דיינעט ווייניג-וואס וועגין שטארבין, ווייל ער האט ניט קיין זינד פאר וואס מורא צוא האבין, פאר קערט ער האפט נאך צוא איין גוטין לוין צוא זעהען אין דיא גוטעס וואס השי״ת האט באהאלטין פאר דיא יראי שמים, און זיין הויז גיזינד וועט השי״ת אויף ריכטין זייא זאלין עקסיסטירען ביז אייביג — אבער דער וואס פאר דארבט זיין וועג (ער פירט זיך שלעכט אויף אויף דער וועלט געגין השי״ת אדער געגין מענטשין) און יאגט זיך נאך שלעכטעס, וועט דיא שלעכטעס אים נאך יאגין און גרייכען און פארדארבין זיינע מעשים, דער וואס זעהט אים פאר קרימט אויף אים זיין מויל, און באליידיגט אים מיט דיא לעפצין, און בעת ער שיידט זיך פון דער וועלט טוט אויף אים זיין לייב ווייטאגין און זיין נשמה טוט אויף אים טרויערין ווארום ער איז אן ניבערייט צו פינצטערנעס פון קבר און גיהנם, און מיט דיא פינצטערנעס ווערט זיין נאמען אויס גימעקט, און זיין פאמיליע גייט צוא שטראנד, קינער לייגט אויף זייא קיין מיטלייד ניט איבער דיא שלעכטיקייט פון זייער פאטער.

אחלי לפניכם איך בעט אייך מיינע ליבע קינדער איהר זאלט דער קענען דעם יתרון פון דיא ליכטיקייט (ד. ה. דיא גוטע וועג) אויף דיא פינצטערנעס (ד. ה. דיא שלעכטע וועג) און זייט מסאם (פאר האסט) דעם טויט און דאס שלעכטס (דאס איז דעט אויף פירונג פון דיא רשעים) און קלייבט זיך אויס דעם לעבין מיט גוטעס (דאס איז דער אויף פירונג פון דיא צדיקים) ווארום דעם רשות צוא פירין זיך אין גוטען וועג אדער אין שלעכטע ח״ו איז אפ גיגעבין צום מענטשין. וויא ער וויל אזו פירט ער זיך, קיינער צווינגט אים ניט — גיוויינט זיך איין אין אלע גוטע מדות ווארום דער נאטור פון מענטשין ווערקסילט זיך נאך דיא גיוואונהייט, „און דיא גוואונהייט איז דיא צווייטע-נאטור“, — איהר זאלט וויסין אז (שלמות הגוף) דאס הייסט זיך אויס בילדין דעם כאראקטער (דיא מדות) איז פריער פאר שלמות הנפש (ד. ה. אהבת ה׳, יראת ה׳

דבקות בה' (ר"ת אי"ד שבוה תלוי שלמ"ת נפש חיש־אלי) וואס איין איד איז זוכה צוא דעם, דורך זיין לערנען תורה לשמה, אונ שלמות הגוף איז זייא אשליכיל וואס עפינט אויף דעם זאל (דאס איז שלמות הנפש) ווארום ווען דר מענטש איז פאר דארבין אין מדות אונ חאראקטער איז ער ניט זוכה צוא שפירין דיא זיסקייט פון דער תורה. אשר דרכיה דרכי נועם כו' ומתוקים מדבש ונופת צופים *) אונ איז ניט זוכה צוא געטליכע וויסענשאפט, דרום זאל זיין אייער כוונה זיך אויס בילדין דעם האראקטער אונ איין פלאנצין אין זיך גוטע מדות כדי איר זאלט זוכה זיין דורך דעם צוא פאר שטיין דיא טיפקייט פון דער תורה, עס זאל פאר אייך געעפינט ווערין דיא טויערין פון הימיל (ד. ה. דיא סודות פון דער תורה).

*) אונ דאס קען זיין דיא כוונה פון דיא פסוקים (תהלים קי"ט) „אשרי תמימי דרך" וגו', דער נאמען „תם דרך" קען מען זאגין דיא כוונה אזוי וויא איינער וואס ער וואהר געשיקט אוים צו זעהען אוועג פיר רייזענדער, מוז ער אכטונג געבין אויף דיא גאנצע שטרעקע עס זאהל קיין שום שטרויכלונג נים זיין, ניט קיין גריבער, ניט קיין שטיינער, ניט קיין זומפען, אונ ווען ער זאהל פאר זעהן איניגע ווארשטין קען זיין אז דארטין געפינט זיך דיא אלע שטרויכלונגען אונ נאכהער ווען דיא רייזענדע וועלין דארטין דורך גיין וועלין זייא אלע געשטרויכילט ווערין אונ ער אליין (דער דורך זעהער) ווערט אויך געשטרויכילט, אדער מען קען זאגין דעם משל, ווען מען וויל מאכין א ליניע דער באהן זאהל אויף איהר גיין מוז מען אוים גלייכין דיא גאנצע וועג פון דיא ליניע אונ לייגען רעלצעס, אום אונד אום, אונ ווען מען זאהל אין איין ארט פאר זעהן צוא פאר גלייכען, אדער צו לייגען א רעלציג, זיינען דיא פאסעזירען אין גיפאהר ח"ו, דיא זעלבע איז אויך ווען דער מענש איז פריער געגרינדעט מיט גוטע מדות (זיטען) אונ פאר גלייכט פריער זיינע מענשענשאפט עס זאהל זיך אין איהם קיין קרומקייט געפינען, נאר ער טוט אלס וואס גלייך איז וויא עס שטיט אין פסוק (ועשית הישר והטוב) ד. ת. דוא זאלסט טאן וואס גלייך אונ גוט איז, נאך דעם אז ער וועט לערנען תורה וועט ער הנאה האבין פון איהר זיסקייט אונ פון איהר טיפקייט (דעם טיפען שכל) אט דאס זאגט דער פסוק (אשרי תמימי דרך) ווייל איז ווען דיא מענשין וואס זייא הייסען „תמימי דרך" (ד. ה. „גלייכע וועגין" וויא מיר האבין פריער ערקלערט אין משל) „ההולכים בתורת ה'" ווען זייא גייען אין גאטס תורה, דען ווען דער מענש איז ניט אויס געבילדעט אין גוטע מדות (זיטען) איז ווען ער לערינט תורה קען ער נכשל ווערין אין אפולע שלעכטעס, אונ אויך ער מאכט אז אנדערע זאלין אויך נכשל ווערין ווייל מען לערינט זיך אב פון איהם, דען מען זאגט „אז יענער למדן טהוט אזוי ווא

אידר זאלט זיך פידן וויא נכבדים, פאר מיידעט זיך פון דיא קאמפאניעס פון קלים (לייכטזיניגע) אונ פון ליידיג גייער אונ פון גילעבטערלאך פון יונגע לייטלאך. ווייל פון דעם וואקסט שלעכטע פרוכט, איר זאלט זיך שטענדיק גיפינען אין דיא קאמ- פאניעס פון וויכטיגע מענשן אונ חכמים, נור שטיין פאר זייא מיט ענוות אונ הכנעה, אונ שטיין אין דעם נידעריגסטען ארט, אונ לייגט צו אייער קאפ אונ עפינט אויף אייער הארץ אין צו הארכין אונ צו פאר נעמען זייערע רייד וואס זיי שענדין אונ וואס זייא לויבען. יעדער זאך זאלט איר איבער ווענין אין דיא גיוויכט פון שכל. היט אייער מויל אונ דעם צונג פון צו מערין רייד פאר זייא. ווענט אייערע רייד ווארום דורך מערין רייד ווערט גימערט ווערין אייערע טעותין. איר זאלט זיך ניט אויס פיינען אונ גרויס האלטין פאר דיא חכמים אונ ניט שעמען זיך צו פרעגין וואס פון אייך איז פאר הוילין נאר אין דער צייט ווען עס פאסט אונ מיט אלשון וואס עס פאסט — רעכינט אויס אונ וועגט איבער יעדער זאך איידער איר לאזט ארויס פון מויל, ווארום נאך דעם קען מען שוין ניט אום קערין. — ליבט דיא חכמת התורה גילוסט איר וויא געלט אונ זוכט איר וויא באהאלטענע אוצרות — זאמילט זיך איין אין דיא הייזער פון חכמי התורה וואס לערנען אליין אונ לערנען מיט דעם צווייטין, דארטין זאל זיין אייער שפאציר גאנג. אונ נעמט זיך פארטיגין הערינגדיג פון זייא חכמת התורה אונ מוסר, חדושי תורה אונ פלפול. — ווייל

סקנא

---

זאלין מיר שוין טאהן", אונ דאס ביטפעט אויך דהמע״ה אין דיא פסוקים (אחלי יכונו דרכי) ד. ה. איך ביטטע דיר גאט אז מיינע וועגין פון מיין וועלט רייזע זאלין ווערין גוט צו גערילבט, דארום איך זאל קענען (לשמור חוקיך) היטען דיין תורה, (אז לא אבוש בהביטי אל כל מצותיך) דען אז דער מענש האט אין זיך גוטע מדות, אונ לערינט ניט אונ ווייס ניט דיא תורה, וועט ער האבין פיל שאנדע דער פון בעוה״ב, אונ ווען ער וויים דיא תורה אונ לערינט איר, אבער ער האט ניט אין זיך קיין גוטע מדות (זיטען) וועט ער אויך האבין דער פון פיל שאנדע בעוה״ב, דאס זאגט דהמע״ה (אז לא אבוש) ווען וועל איך זיך ניט שעמען (בהביטי אל כל מצותיך) ד. ה. ווען איך וועל אין זיך האבין ביידע מעלות, גוטע [illegible] אונ לערנען דיא תורה.

מקנא דיא וואס קענען דיא תורה אונ פאר מאכט אין הארצין דיא עולמ'ם (דיא וואס ווילען ניט קענען) — אז איר וועט עפעס פרעגין אדער ענטפערין זאלט איר ניט פלוטעווען אונ ניט שרייען, רעט מיט א שיינעם אויס שפראך, באוואכט אונ רוהיג, אייערע ווערטער זאלין זיך ציהלין צום ענין וואס איר רעט ויא איינער וואס וויל זיך לערנען אונ זוכט דעם אמת ניט וויא אקריגער וואס זוכט נאר נצחון. פאר נאכט זיך דארטין מיט אייער נוטין ווילען אונ זייט זיך מתבונן צו באקומען דארטין איין נוטין דאן וועט אייך צימליך זיין אונ ניט צו שווער זיין. אבער ווען איר וועט פארנאנדער לאזין אייערע גידאנקען הין אונ הער, איז לא די וואס איר וועט קיין ריוח ניט זיין, איר וועט אפילו דעם קרן אויך פאר לירען. ווארום איר וועט זיך טאגין ווייניג אויס לערנען אונ עס וועט אייך זיין צו לאסט דיא אויפהאלטונג דארטין אונ עס וועט אייך אפ שוואכין דעם קערפער — אונ בעת איר גייט ארויס פון רבין דיינקט זיך איבער וואס נעמט איר מיט אהיים, זעצט דאס איין פעסט אין מוח אונ בינדט דאס איין אין הארצין :

לערינט אין אייער יוגנט בעת אייער שפייז איז אן ניבריט, אונ אייער הארץ איז נאך ליידיג פון טרדות הפרנסה אידער דיא וועט פול ווערין מיט טרדות אונ דער כח הזכרון וועט אפ גישוואכט ווערין. ווארום עס וועט קומען אצייט וואס איר וועט שוין וועלין לערנען אבער דיא צייט וועט אייך ניט ערלויבין אונ דיא ביסעלע וואס איר וועט שוין קענען לערנען אין דיא עלטערע יארין וועט איר זיך גאר פאר מאטערין מיט ווייניג נוצין, ווארום דיא מארין האלט ניט נאך דיא מוח (ד. ה. דיא מוח רעט אונ דיא הארץ איז טרוד אין דאגות אונ טרדות) אונ אפילו דיא ביסעלע וואס דיא הארץ וועט שוין אן יאגין דיא מוח וועט זיך גאנץ שווער איין האלטין אין אייך. אונ איר וועט דאס גיך פאר געסין. דרום היט דיא יונגע יארין וויא גאלדענע. שעצט טייער יעדער מינוט וויא צוגרויסען שאץ :

איך ענטפער אייך איבער מיינע דברי מוסר אין האנט. איך קענט
דער פון ציען גרויס נוצין ווען איר זאלט לערנען אונ חזרין
צוא פאר שטארקין דעם אמת אונ אפ טאן דיא פארפלאנטערונג.—
נוען איר וועט געפינען אין תנ״ך אטיפין פסוק אדער אפארשטעלטין
מאמר אין תלמוד, וואס איר וועט ניט פארשטיין זיין כונה אונ אייך
וועט זיך אפ דאכטין אז ער איז כותר פנות התורה, אדער אזוי
רייד וואס ביטין קליינעם שכל דוכט זיך אז זייא דינען ניט קיין
קלוגע רייד, זאלט איר זיך ניט אראפ רוקין פון דיא אמונה אונ זאל
ניט מבולבל ווערין אייער שכל, האלט זיך פעסט אין דיא אמונת
אונ דעם פעלער הייננט אין אייך אין (אז אייער שכל איז קורץ-
זיכטיג צוא פאר שטיין דיא זאך) . לייגט דאס אפ אין אזייט אונ
פאר אונוויכדיגט ניט אייער אמונה וייל איר פאר שטייט ניט דעם
מאמר הז״ל אדער דעם פסוק פון תנ״ך . דען גאט מאכט וויסען דיא
וועג וויא צו פארשטיין דאס, צו דיא הייליגע מענשין וועלכע זיינען
ווירדיג דאס צו פארשטיין, דען נאר ער ווייס איר ארט (וואס דער
גיבאנק פון דעם פסוק אדער דער מאמר איז) :
ליבט דעם אמת אונ דיא גירעכטיקייט אונ באהעפט זיך אן זייא
ווארום איר וועט מצליח זיין מיט זייא, אונ דיא הצלחה פון
דיא עסקים וואס זיינען גיגרינדעט אויף אמת וצדק איז אפעסטע
הצלחה וויא איינער בויעט אויף אשטארקין פונדאמענט פאר
האכט שקר אונ עולות אונ גילוסט ניט צוא זייער גישמאק ווארום
דער בנין וואס מען בויט אויף שקר אונ שווינדעל איז וויא איינער
בויט אויף זאמד נאר עט וואס אגיר פאלט דאס איין — דרום זאל
ביא אייך זיסער זיין דער אמת אונ צדק אפילו אייך וועט זיך
אויס דוכטין צו האבין היזק פון דעם, בעסער אונ מערער פון שקר
אונ עולה וואס אייך וועט זיך אויס דאכטין צו פארדינען פון דעם.
אונ אזוי זאגט דער חכם שלמה המלך (אמת קנה ואל תמכור)
ד. ה. לאז זיך קאסטין געלט אויף דעם אמת אונ פאר קויף אים
ניט צו ליב געלט — איר זאלט וויסין אז דער אמת אונ דער צדק
זיינען דיא תכשיטין פון דיא נשמה (וואס דיא נשמה צירט זיך

מיט זייא אויס) את דיא געבין שטארקייט און פאר זיכערונג את עהרליכקייט צום קערפער — און איך האב ניט געפונען אזא טייערע רפואה צו ווייבען דיא הארץ וויא דיא צוא זאמען מישונג פון אמת מיט צדק, און עס האבען מיר ניט אזוי באפעכטיגט און בארוהיגט מיינע קאמפאניעס פריינד און דיא שטארקסטע פעסטונגען און שווערד און פאנצער וויא דיא הוט פון אמת און דער פאנצער פון צדק. דרום מיינע ליבע קינדער אז עס וועט קומען מיין צייט צוא שיידען זיך מיט אייך און מאכען אייך ארבען דאס וואס השי"ת האט מיר געמאכט ארבען וויל איך אייך מאכען ארבען דיא מדה פון נאמנות (ערליכקייט, ראיעלקייט · פינקטליכקייט, דער "יא" ווארט זאל זיין יא, דער "ניין" ניין) וואס דורך דעם האט מיר דער בורא ית"ש געמאכט ערווערבען מיין רייכטום מיט דיא גדולה, ווארום בעת איך האב זיך געשייד פון מיינע עלטערין איז מיר נאר געבליבען מיין שטעקען און מיט אים בין איך געפארין פאר דינען מיין ברויט שפייזין דיא פאמיליע, און השי"ת האט מיר געבענשט און האב דער לאנגט אזוי אהייכע שטופע און דורך וועמען? נאר דורך דיא נאמנות, דיא נאמנות האט מיר רעקאמאנדירט און ארין געבראכט אין אנעלכע הויכע ערטער וואו מיינע קרובים און פריינד האבען ניט דער לאנגט, און האט מיר געמאכט ירשינען וואס מיינע עלטערין האבען מיר ניט געמאכט ירשינען, און האט מיר געמאכט געוועלטיגען אז איך האב געהאט צוא שאפען אויף גרעסערע און בעסערע פון מיר, און האב מצליח געוועזען און זיך גיטין געטאן און דעם צווייטען אויך, דרום פאר זאג איך אייך מיינע ליבע קינדער אז איהר זאלט זיין זהיר אין נאמנות צוא אלע מענטשין סייא אידין סייא אנדערע נאציאנען, קיינעם ניט נארין את ניט נאוועגען זיין דעת — האלט אייער ווארט, זאל זיי אייך ניט דין וויכטיגער אייער אונטער שריפט וואס איר שרייבט מיטין האנט וויא אייער ווארט וואס איר רעט מיטין מויל, (דיא מויל שטייט העכער וויא דיא האנט), דיא צווייא ווייטיגקייט (צוא רידין מיטין מויל אזוי און טראכטין אין זיך אנדערש) ווארצילט

אויס

אויס פון זיך, און דאס גלייכן נאר אזארט קרומקייט און שווינדלעריי און פוילקייט, נייא איז דעם וואס בויט זיין הויז אויף דעם, אין זיינע העלפט יארין וועט ער איר פאר לאזן און זיין ענדע וועט זיין שאלקהאפטיג — לעבט אין תמימות און אין ציכטיגקייט און רירט ניט אן קיין פרעמדע אויף דאס מינדעסטע — פאר זוכט ניט אויף אהאר דאס וואס ניט אויף געווים אייערע, און דיא זאך וואס אייך איז אספק צו עס איז אייערע אדער יענעמס, אנטלויפט פון דעם און שטעלט דאס אין יענעמס חזקה (אז מן הסתם איז דאס יענעמס) — איר זאלט וויסן אז ווען מען פאר זוכט נאר איין מאל פון אספק (טאמער איז דאס מיינע) ציהט דאס ביסלאך ווייט ארויין אן צוא רירין וואס עס איז געווים יענעמס, און אביסעלע ברענגט צוא אפולע און פאר בארגינע ברענגט צוא עפינמליכע זאכין ביז וואנע; סיא ווערט אמוחזק פאר אקיסלער אגנב און אגזלן און איין אן זעצער, אנטלויפט פון דעם וויא נייט די אויגין טראגין, דער שקרן לעבט אין בושה און שטארבט אין חרפה, דאס אלץ זאג איך אייך וואס איך האב אויף מיין לעבין גיזעהן און פראקטיצירט און האב זיך אראפ גענומען א מוסר אז דיא וואס טראגט טעקענע גיבירט זיא שקרוי און דער וואס זיינט גירעכטיגקיים שנייט ער גינאדע. זהירנט זיך מיט מוסר און שעצט זיך גליקליך מיט נאמנות ווארום עס איז ניטא אזא יחסן וויא דער ערעל מאן מיט גוטע מדות און עס איז ניטא אזא רייכע ירושה וויא נאמנות — זייט מקרב אפילו אייערע ווייטע קרובים, בייגט זיך אין צוא איין גידערינין פון אייך, ווייזט אפריילכען פנים צו עלינטע און שפליע מענשין, ערבארימט זיך אויף אביונים און פאר שעמטע, ערפרייט דיא אין אייערע שמחות און דער מאנט זיך אן זייא אין אייערע ימים טובים מיט דיא טעמם וואס גאט האט אייך גיבענטשט, נאר היט זיך זייער זייא זאלין ניט פאר שעמט ווערין דורך אייערע געשאנקען — איר זאלט זיך ניט פאר מידין טעמם טאן וויא ווייט אייער מעגליכקייט איז נאר ווען איר קענט — פאר מאכט דיא לידיג גיין און פאר מאוסט דיא רוחות ידען וואס

ווייך דעם ווערט פארדארבן דיא געזונד מיט דיא קעשענע מיטן
שכל מיטן כאראקטער, אונ דיא לידיג גיין אונ פוילקייט איז
אלייטער פארן שטן ארויף צו קריגן דעם מענשן אויפן קאפ,
אונ פון יעדער ארבעט האט דער מענש אנוטצן אפילו ווען ער
פאר דינט ניט פון איר, לפחות איז ער ניט ליידיג געוועסן:
איך זאלט ניט פאר אונזיירדינן אייער זעלע מיט מחלוקת וואס
דאס פאר לענט דעם קערפער אונ דיא נשמה אונ די געלט,
היינט וואס בלייבט אים איבער, איך האב געזעהן ליכטיגע זיינען
פינצטער געווארן אונ הארין זיינען שפל געווארן, אונ פאמיליעס
זיינען צוא שטראנד געווארן אונ גרויסע לייט זיינען אראפ פון
זייער גדולה אונ גרויסע שטעט זיינען אוים געריסן אונ וויסט
געווארן אונ גרויסע געזעלשאפטן זיינען צו שפרייט געווארן, אונ
פרומע לייט זיינען קיילע געווארן אונ בעלי נאמנות זיינען פאר
לאזין געווארן אונ אן שטאנדיגע מענשן זיינען גרינג אונ פאר
שעמט געווארן. אלץ דורך מחלוקת, נביאים האבן נביאות געזאגט
את חכמים האבן געזאגט קלוגע רייד אונ פילאזאפן האבן ערקלערט
אונ פארניליינט דיא אונגליקן וואס מחלוקת ברייגט אונ דאס איז
נאך אלין גאר ניט, מחלוקת ברייגט צוא אזעלכע אונגליקן וואס
קיין נביא אונ קיין חכם אונ קיין פילאזאף איז ניט אום שטאנד
דאס ארוים צוא שרייבן, דרום זיינע ליבע טייערע קינדער פאר
האסט איר אונ אנטלויפט פון דעם וויא פון אגיפטיגע שלאנג אונ
אפטיימערט זיך פון די מענשן וואס ליבן איר אונ האבן נאר אד
אין דעם. אונ אפילו אייערער איין נאהינטער קרוב ווען ער איז
אקריגער מאכט זיך פרעמד צו אים אונ ערווייטערט דיין התקרבות.
באמער ווערט איר נעמען אמשל אין זייטע זינד, פארימט זיך אונ
שעצט זיך גליקליך מיט דיא מדת הסבלנות (פאר ליידן אלץ, ניט
שפעלין אויף דיא מיסלאך קיין זאך) ווארום דאס איז דיא גראדע
גבורה אות כשר ווארשר נצחון, ווארום ווען איר ווערט זוכן נקמה
נעמען פילייכט ווערט איר שם ניט ערגריכן זאת ניט אוים פירן
ווערט איר זיך נאר אין באזן פארייכטן אונ ווערט נאר צו פאריגען

צו די בושה נאך הרפה מיט דעם וואס איר וועט ניט אויס פירין, און רעכינט אפילו ווען איר וועט אויס פירין און וועט זיך שוין נוקם זיין אן יענעם, באטראכט וואס פיר נוצין האט דאס אייך געבראכט, מער ניט ווי פאר זינדיגט זיך קענין השי״ת וואס ער האט פאר זאגט אין דער תורה „לא תקום כו׳“ איר זאלט זיך ניט נוקם זיין (ראכע נעמען) אן דעם צווייטין און באטראכט זיך וואס פאר אונווירדיגע פריזענטין דיא ראכע האט אייך געבראכט, פיינד-שאפט אויפען צווייטען, איין מערדישע הארץ, צו מישטין שכל צו שטערט דעם שלאף, צו מישט דיא ארבעט, אנדרעקט אייערע פעלערין פאר ענדערונג אין פנים (טיראנישע געזיכט). פאר דארבין דעם האראקטער און מענשליכען געפיל, מיט אזעלכע שמוציגע פריזענטין האט אייך דיא ראכע באשאנקען דרום זאלט איר זיך ניט נעמען אין זין און ערקענען דיא מעלות פון סבלנות מיט דעם וועט איר פאר הייליגט זיין אין דיא אויגין פון אייערע פיינד, זייא וועלין ערקענען אייער אדעלען האראקטער, הגם איר קענט נעמען ראכע פון זייא פון דעסט וועגין פארצייעט איר זייא און טראגט ניט נאך קיין פיינדשאפט אויף זייא, וועט דער סאוויסט זייא אזוי נייט געריזענען אז זייא וועלין חרטה האבין אויף זייער נארהייט וואס זייא האבין אייך שאדין געטאן און אייער זעלע וועט זיין זייער גרויס געאכט ביי זייא אין דיא אויגין, און זייא וועלין זיך איבער צייגין און טאן מיט אייך גוטעס, דאס איז אויב זייא זיינען מענשין מיט פולין פאר שטאנד, און אויב זייא זיינען נארעשע און שאלקהאפטיגע מענשין וועט דאס זייא קרענקען, ווארום פירט איר זיך ניט אזוי ווי זייא מיט פארדארבענע מדות, וזלזולים, באליידיגען, ראכע נעמען, וועט איהר קינגין אויף זייא מיט דעם קרדין פון מוסר און אדעל — פירט זיך מיט ענוה, ווארום די מדת ענוה איז ווי א לייטער וואס אויף איר גייט מען ארויף צוא דיא העכסטע מדות און מעלות, און מיט דיא מדות וועט איהר קיין מאל ניט האבין קיין ליידין, באדיינקט זיך, אז עס איז ניטא אזא צירונג ווי דיא ענוה, משה רבינו ע״ה דער רבי פון אלע נביאים האט דיא תורה אים ניט אזוי באריימט מיט אלע מדות ווי מיט ענות

דָגַם זַיין שְׁוועסְטֶער מִרְיָם אוּנ אַהֲרֹן הָאבֶּן אִים בַּאלֵיידִיגְט פוּן דֶעסְט וֶועגִין הָאט עֶר דָאס אַחָעק גִימַאכְט אוּנְטֶערִין הַאנְד אוּנ נִיבְּלִיבִּין זַייא דֶער זֶעלְבִּינֶער פְרַיינְד וְויא פְרִיהֶער אוּנ נָאךְ מִתְפַּלֵל גִיוֶועזְן אוֹיף אִיר בְּעֵת זִיא אִיז גִיוָוארִין מְצוֹרָע, אַז הַשֵׁי״ת זָאל אִיר הַיילִין:

הִיט דֶעם שְׁלָאס פוּן אַייעֶר מוֹיל אוּנ דֶעם צוּים פוּן צוּנְג נִיט צוּא עֶפֶענֶען וואו נִיט נֵייטִיג אוּנ נוּצְבַּאר אִיז, נֶעמְט זִיךְ אִין אַכְט אַז דֶעם טַייעֶרִין שַׁאץ פוּן רֵיידִין הָאט דָאס גָאט גֶעשָׁאנְקֶען דֶעם מֶענְטְשִׁין מֵחֲמַת זַיין גְרוֹיס לִיבְּשַׁאפְט צוּא אִים מֶער וְויא צוּ אַלֶע בַּאשֶׁעפֶענֶעס פוּן דֶר וֶועלְט וָואס דוּרְךְ דֶעם זָאל דֶר מֶענְטְשׁ לֶערְנֶען חָכְמוֹת אוּנ עֶרְקֶענֶען זַיין בַּאשֶׁעפֶער, דְרוּם בַּארְף דֶער מֶענְשׁ זַייעֶר שֶׁעצִין דֶעם טַייעֶרִין פְרִיזֶענְט אוּנ בַּאנוּצִין אִים נוּר צוּא טַייעֶרֶע זַאכִין, צוּא לֶערְנֶען תּוֹרָה אוּנ חָכְמָה אוּנ דַאנְקֶען דֶעם בַּאשֶׁעפֶער אוּנ עֶרְהוֹיבִּין אִים. אוּנ דֶערְצֵיילִין זַיינֶע וואוּנְדֶער, הַיינְט וְויא אוּנ-זִיסֶענְד אוּנ פַאר שֶׁעמְט אִיז דֶער מַאן וָואס פַארְפַייט גוּטֶעס אוֹיף שְׁלֶעכְטֶס אוּנ פַארְשְׁמוּצְט אַזַא טַייעֶרִין צִירוּנְג, צוּא רֵיידִין מִיאוּסֶע רֵייד אָדֶער שֶׁקֶר, רְכִילוּת אָדֶער גְלַאט פוּסְטֶע רֵייד וָואס בְּרֵיינְגֶען נִיט קֵיינֶע נוּצִין. דָאס אִיז פוּן דִיא שְׁרֶעקְלִיכֶע זִינְד.

זַייט מְשַׁעְבֵּד (מַאכְט אוּנְטֶערְטֶענִיג) דֶעם חוֹמֶר צוּם שֵׂכֶל (ד. ה. דֶעם גוּף צוּא דִיא נְשָׁמָה) וָוארוּם דִי אוּנְטֶער טֶענִיגְקֵייט פוּן קֶערְפֶּער צוּם נֶפֶשׁ אִיז דִיא וַוארֶע אוּנ אֱמֶתֶע פְרַייהַייט אוֹיף דִיזֶע וֶועלְט אוּנ יֶענֶע וֶועלְט — דֶער שֵׂכֶל מִיטִין קֶערְפֶּער זֵיינֶען גְלֵייךְ וְויא אַ רַייטֶער מִיט זַיין פֶערְד (דֶער חוֹמֶר אִיז דִיא בְּהֵמָה אוּנ דֶער שֵׂכֶל אִיז דֶער רַייטֶער) אִיז וֶוען דֶער רַייטֶער אִיז דֶער הַאר. עֶר הַאלְט דֶעם צַאם אִין הַאנְט אוּנ קֶערֶעוֶועט דֶעם פֶערְד וואו מֶען דַארְף קוּמֶען זַייא בֵּיידֶע לְשָׁלוֹם, אָבֶּער וֶוען דֶער רֵייטֶער הַאפְּט שְׁלָאפִין אוּנ לָאזְט אַרוֹיס דֶעם צַאם אוּנ דֶער פֶערְד וֶוערְט דֶער הַאר אוּנ גֵייט וואו עֶר וִויל קֶען מֶען פַאר שְׁטֵיין צוּא וָואס פִיר אוּנְגְלִיקִין זֵיי קוּמֶען בֵּיידֶע. דֶער פֶערְד קְרִיכְט אַרָאפּ פוּן וֶועג אִין אַזוּמְפּ אוּנ דֶר טְרִינְקֶען זִיךְ בֵּיידֶע, דְרוּם זָאלְט אִיר הַאלְטִין דֶעם חוֹמֶר שְׁטַארְק אִין גִיצַאמְט

ניט לאזן ארויס טרעטן איין שריט פון דרך התורה ווארום אז איר
וועט אים איין מאל נאך געבן זיינע תאוות וועט ער וואס ווייטער
וועלן מערער אונ וועט ניט זאט ווערן ביז וואנען ער וועט באגערן
אזעלכע זאכן וואס אונמיגליך אונ וועט זיך פארלירן מיט דעם
נעמליכן טייל אויך (דאס איז דיא נשמה), אבער אז דער שכל
רעגירט אונ האלט איין גיצאמט דיא תאוות אונ דער חומר איז
אונטערטעניג פיין שכל פאר לאנגט ער גאר וואס באדערפטיג אונ
נויטוועדיג איז, אונ ווערט זאט מיט ווייניג אונ פאר האסט דיא
מותרות מיטן לוקסוס. אוי. פאר בריינגט איין זיקן אונ צימליכן
לעבן אונ טרייסט זיך מיטן טויט ווארום דענסטמאל וועט ער ערסט
אן הייבן צוא לעבן איין איביגן גליקליכן לעבן — עסט נור
מיט דעם גידאנק איר זאלט לעבן (ניט לעבט כדי איר זאלט עסן).
אונ דאס מותרות פאר ניקט אונ פאר האסט. איר זאלט ניט מיינען
אז דורך אפולע עסן אונ טרינקען וואקסט דער גוף אונ מערט זיך
דער שכל אזוי וויא אזאך וואס מיא פאקט אים אן מערער ווערט
ער דיקער אונ העכער, ניין עס איז גראדע פאר קערט אז מען עסט
ווייניגער (ניט גאנץ זאט) האט דער מאגען קרעפטן איין צו האלטן
אין זיך אונ דיא נאטירליכע היץ קען עס פאר דאייען, דענסט
מאל ווערט דער קערפער פולער אונ געזונטער אונ דיא פארשטאנד
ווערט פאזעצטער, אבער אז מיא עסט צוא פיל קען דער מאגען
דאס ניט צו נעמען אונ די נאטירליכע היץ קען דאס ניט פאר דאייען
דער גוף ווערט פאר מאגערט אונ דער שכל ווערט שוואכער אונ
דיא קעסענע ווערט ליידיגער. — זייט געהיט איר זאלט ניט עסן
ביז וואנען פריערינע עסן איז פאר דייט ווארום אז ניט פאר ליגט
דאס דעם קערפער מיט דיא קעסענע. אונ באוועגט אייך פארן עסן
אונ רוהעט אב נאכן עסן. איר זאלט ניט עסן היילינדיג וויא דיא
הונגער קראנקע, אונ ניט אן שפארן צפולע מויל עסן ווארג אדער
גיטראנק, פאר האסט דיא אכילות וואס זיינען שעדליך הגם זייא
זיינען גישמאק אזוי וויא איינער האט פיינט אגוזן וואס וויל אים
טייטן. עסט ניט אין נאס אזוי וויא א בהמה אונ ניט אלע מינוט וויא

שרצים נייערט אין אפ געשטעלטע צייטין אונ בייא זיך אין שטוב, פאר מיידט זיך צוא עסין אפטער אין געזעלשאפטין, איר זאלט וויסין אז אויך דיא סעודות פון אויפצאמלונגען ווערט ערקענט דיא ערציאונג פון מענטשין צוא ער איז נוט ערצויגין געוואהרין צוא ניט. אונ אסך מאל האט געטראפין אז איך בין געוועזען איין געלאדין אין אגעזעלשאפט אונ בין געקומען אהיים הונגעריג אונ דארשטיג מחמת פארכט, זעהענדיג דיא שאנד פון דעם צווייטין — היט זיך אפ פון שטארקע געטראנקען (וויין, בראנפין, ביר) וואס דאס ערמאהדעט פילע אונ שטארקע אונ פאר שעמט דיזע גרעסטע מכובדים, אונ מיר געפעלט זייער דיא צוואה פון יונדב בן רכב צוא זיינע קינדער (ירמי' ל"ח) (איין פונקט איז דארטין זייא זאלין ניט טרינקען קיין וויין) נאר איך קען אייך אזוי ווייט ניט פאר זאגין ווייל איך האב אייך אזוי ניט איין געוויינט פון קליין וויים אן, נור היט זיך אליין וויא וייט מעגליך איז, טרינקט ניט גאנץ שטארקע אונ אביסעלע בעת עסין אונ ווייטער ניט, באדיינקט זיך אז ניט אום זיסט האט דיא תורה באשריבין דיא מעשה פון נח (בעת ער איז ארויס פון תיבה אונ געפלאנצט אוויין גארטין אונ זיך איין געשיכערט) וואס עס האט זיך פאסירט מיט אים, דאכט זיך דיא תורה פאר שוינט דעם כבוד פון יעדער באשעפעניש אונ בפרט פון אזא צדיק, נאר דאס איז פון אונזערט וועגין צוא נעמען זיך אמוסר צוא וואס אפולע טרינקען ברייננט, איז דאס ניהא דעם צדיק אז ער איז אביישפיל אונ אלעהרע פאר דער וועלט היטין זייא פין שלעכטם. —

זייט וויסען אז דיא הוצאה פון מענשין ווערט איין געטיילט אין פיר טייל, א) רוח (פאר דינסט) דהיינו ער גיט אויס געלט אויף כחורה, פון דיא פאר דינסט זאל ער זיך שפייזין אונ דער קרן בלייבט, ווערט דאס גירופין רוח, ב) הפסד (פאר לארין) ער גיט אויס געלט אונ דאס ווערט פארלארין ער נעמט פון דעם נאר ניט ארויס, ג) מאוס, ער גיט אויס געלט אונ עם גייט אוועק אין מאוסע זאכין עס איז ניטא אויף וואס צו קוקען, ד) כבוד (עהרע) ער גיט אויס געלט אונ האט פון דעם עהרע. עצט איז מפורש אז בייא

יעדער מענטשען איז אלע הוצאות איין גיטיילט אין דיא פיר נאמין
1) רוה (פארדינסט) איז דיא געלט וואס א מענש גיט אויס אויף
צדקות און גמלות חסדים דיא פירות פון דעם גיט איהם השי"ת אפ
אויף דער וועלט און דער קרן בלייבט שטיין אויף יענער וועלט ,
2) היזק , ווערט גירופן וואס מיא גיט אויס אויף שפילערייא דהיינו
קארטין און דאס גלייכן וואס דער מענש פארלירט נאר דיא געלט ,
דין יודין עתרע און דיא צייט וואס דיא איז טייערער פון אלין , און
נוען אפילו ער פארדינט פון דעם איז דאס נאר וויא שפין-וועבס
און ער מאכט אן אנרידין שולד אויף זיין נשמה . 3) מאוס , ווערט
גירופן דיא געלט וואס גייט אוועק אויף עסין טרינקען וואס ווערט
פון דעם מאסע זאכין . 4) כבוד , דיא געלט וואס מען גיט אויס
אויף קליידונג . מיא ווערט דאך באעהרט מיט דעם , עס באדערפט
דיא נאקעט לייב . דרום מיינע ליבע קינדער באקליידט זיך וויא
אייער פארמעגען , עסט און טרינקט היינגער וויא אייער פארמעגין
נאר וויא צוא לעבין , פאר האכט דיא קארטין שפילערייא און ווייכט
אויס פון דיא שפילער . פאר זייט צדקות און גמלות חסדים מער
וויא אייער פארמעגין . — זעט אייך איין גישעפט וואס איר זאלט
קענען לעבין פון איהם מיט אייערע יוגינט פרויען און רידט זיך ניט
אן אן אפרעמדע פרויא וואריום אסך אונגליקען איז פון דעם ארויס
און נייער פיל דער שלאגענע נייגען פון דיא פרעמדע פרויען, רעכינט
אייך גלייך וויא איר זייט אין נחים קאסטין דאס הייסט עס איז נאר
אויף דער וועלט ניטא קיין צווייטע פרויא חוץ אייערע, האט איר
טאר ניט וואס צו טראכטין ארום קיינע , און וויא איר שטעקט
ארויס דיא קאפ פון אייער הויז (דאס הייסט צוא אנאנדערע פרויא)
פאר פלייצט אייך דער מבול. און אפילו מיט אייערע אייגענע פרויען
זאל זיין אין דער צייט און וויא א מענש מעמיד זיין קינדער און
באשטעטיגין דיא נאטור , דיא פרויען לוסט איז אזוי וויא א פייער
אז מיא זעצט זיך אויף איהם פיל, ווערט מען פאר ברענט , דער
קלוגער עואריסט זיך פון ווייטין און רידט זיך אן איהם אן צייטין
ווייס און איז מקבל פון איהם אגרין , ציהט אויף זיך ניט ארויף דיא

פְרֵיעַן לוּסְט , עֶס קְלֶעקְט וָואס דֶער רָצוֹן יָאגְט אַלַיין דֶעם מֶענְשִׁין— זַייט מְכַבֵּד אַייעֶרֶע וַוייבֶּער וָוארוּם דִיא פְרוֹיא אִיז דִיא עֶהרֶע פוּן מַאן . אִיר זָאלְט נִיט אָפּ לָאזִין פוּן מוּסְרִין זַייא מִיט גוּטֶע וַוייכֶע רַייד , פִירִין זַייא אִין גוּטִין וֶועג אַיין פְלַאנְצִין אִין זַייא גוּטֶע זִיטֶען מִיט גוּטִין חַארַאקְטֶער וָוארוּם אַלַיין קֶענֶען זַייא דָאךְ נִיט לֶערְנֶען , דְרוּם בַּארְפְט אִיר זֶעהֶן זַייא אַיין גְוואוֹינֶען אִין גוּטֶע מִדּוֹת אוּנ פְרוּמְקַייט . אוּנ לָאזְט זַייא נִיט אַרוֹיף אַז זַייא זָאלִין הֶערְשִׁין אוֹיף אַייךְ , וָוארוּם דָאס שַׁאדֶעט פַאר בֵּייְדִין , דִיא עֶהרֶע פוּן אַפְרוֹיא אִיז וָואס מֶעהר זַיין אִין אִיר אֵיינֶענֶע שְׁטוּבּ נִיט אַרוּם שַׁאטַייעֶן זִיךְ וְוען זַייא וַוייזִין זִיךְ וַוייניגֶער טוּעֶן זַייא וַוייניגֶער שָׁאדִין . אַנְדֶעקְט פִיר זַייא נִיט דִיא פַארְבָּארְגִינֶעשׁ פוּן אַייעֶר הַארְצִין וָואס אַיינֶער הָאט אַייךְ עֶפֶּעס פַאר טְרוֹיט ,(הַגַם אַיין אִשָּׁה מִיטִין מַאן זַיינֶען וִויא אַיין קֶערְפֶּער פוּן דֶעסְט וֶוענִין אַנְטְמֶקְעֶנִין אַסוֹד אִיז דָאס פָארְט צְוַוייא מֶענְשִׁין אוּנ וָוען צְוַוייא וַוייסֶען אִיז דָאס נִיט קַיין סוֹד) רִיכְט אַייעֶרֶע קְרוֹבִים אוּנ גוּטֶע פְרַיינְד מִיט אַייעֶר גוּף אוּנ מִיט אַייעֶר גֶעלְט וִויא וַוייט אַייעֶר פֶארְמֶעגִין אִיז , נָאר הִיט זִיךְ, נִיט צוּא דִינֶען זַייא מִיט אַייעֶר נְשָׁמָה וָוארוּם דָאס אִיז דֶער חֵלֶק פוּן הַשי״ת :

